## אהרן מיעדניק

# פאעמען

## I




1952 פאריז

מײַן פֿרײַנד, איך װיל,
אַז מײַן פּאָעם זאָל דיר ניט זײַן קײן ציל;
ניט זײַן דער הײליקער מזבח,
װאו דו ברענגסט אַ קרבן דײַנע לעבנס־רגעס
צו אַ גאָט װאָס איז פֿון פֿאָרױס דיר באַקאַנט;
קײן תּפֿילה ניט װאו מיטן לעצטן װאָרט
װי דורך אַ כּישוף־שפּרוך פֿאַרשװינדט
די הײליקײט װאָס ס'ערשטע האָט געשאַפֿן.

מײַן פֿרײַנד, כ'װיל, אַז מײַן ליד
זאָל צו אַ חלום װעקן דײַן געמיט,
נאָר זײַן אַן אָנװײַזונג, אַ טױער
צו עפּעס װאָס אַלײן מיר אומבאַקאַנט,
אַ נײַעם האָריזאָנט, אַ צױבערלאַנד,
אַ גליקלעכע מוזיק פֿאַר דײַן דערשטױנטן אױער,
אַן אָנהײב פֿון אַ חלום, אַ געזאַנג
פֿון געפֿיל, פֿאַרפֿומען, פֿאַרב און קלאַנג.

װען נאָך מײַן לעצטן אות זיך דײַנע אױגן שליסן
זאָל עס זײַן אַן אָנפֿאַנג פֿון אַ נײַ געניסן.

I

אַ רעגנבויגן ? — טראָפּנס וואַסער קעגן זון !
ווייַן ? — נאָר אויסגעקוועטשטע טרויבן !
פּראָסטבלומען ? — נאָר אייז אויף ווינטערשויבן !
זאַנגענגאָלד ? — אַ זעמל ווערט דערפון !
קריסטאַליזירטע קוילן — דער בריליאַנט !

ביסטו דער
וואָס זעט אין אַלץ ניט מער
ווי דאָס וואָס שׂכל לאָזט דיך נאָר פאַרשטיין —
לאָז דעם פּאָעט — ווערסט אים קיין חבר שוין ניט זיין !
און די פרייד פון לעבן בלייבט דיר אומבאַקאַנט.

II

## ΣΑΜΟΘΡΗΚΙΑ ΝΙΚΗ

דעם קאָפּ פאַרלוירן און דאָס לייב
באַדעקט מיט וואונדן יעדעס אבר —
די פליגל הייב דאָך שטאָלץ צעשפּרייט !
טראָץ אַלעמען —
געזיגט !
אַ רוף און ניט קיין קרעכץ !

די האַנט וואָס האָט צעשטערט, איז טויט,
די שווערד — פאַרזשאַווערט, ברוינער שטויב;
אין דעם זכר פונעם גאַנצן שרייט
טראָץ אַלעמען,
טראָץ צייט :
די שיינקייט איבערלעבט דאָס שלעכטס !

III

דער מאָרגנבלאָ באַזילבערט פּייכטע דעכער,
באַלייכט ווי ניט אַנטשלאָפֿן גראָע ווענט;
ווי מידע בליקן בלינצלען, באַלד דערברענט,
לאַמטערן אין די געסלעך שמאָלע לעכער.

די שטאָט איז טויב, דערשלאָגן ווי אַ שיכור
וואָס שנאָרכט אַ מידער ערגעץ אויף דער ערד.
אָט האָט אַ בלעך־געררויש זיך וואו דערהערט,
ברעכט די רו פֿון בליי אין גראָע שטיקער.

באַלד פֿאַנגט זיך אָן דער שטאָטישער פֿרימאָרגן,
וועקט אויף דאָס טויזנטקעפּיקע געשטאַלט —
טויזנט אויגן־קרעמלעך עפֿענען וועט באַלד
דעם לעצטן טרוים פֿון רו, שוין באַלד דערוואָרגן.

אַ לעצטער גענעץ צאַפּלט אינעם מויל
און ווי געיאָגט פֿון טויזנט שונאים נייע,
הייבט אָן ס׳געיעג אויף ס׳ניי די ווילדע חיה —
דער מענטש פֿאַרפֿאַלגט פֿון הונגער און פֿון גרויל.

IV

גליקלעך זענען די וואָס זענען נאָר אין האַרבסט
די פּירות רייפע, צייטיקע פון זומער,
אין אָפּגעבליטן פעלד דאָס גאָלד פון נייעם ווייץ
און פון דער רויז די מאָרגנדיקע זוימען;
נעכט פון דעם אַ מאָל געבליטן מײַ,
לאַנג געהאָפטע טרוימען
זענען אָן דעראינערונג פאַר זיי —
זיי האָבן ניט אומזיסט געוואַרט,
זיי האָט דאָס לעבן ניט גענאַרט.

און ווי איז יענע איידעלע וואָס גוססן און וועלקן
מיט יעדן בלאַט וואָס פאַלט פון בוים,
מיט יעדן זומערפליגעלע, געפרוירן מיט זיין טרוים,
מיט יעדן פויגל וואָס פאַרלאָזט,
פון נאָנטן ווינט, פון נאָנטן פראָסט
אומעטיק געיאָגט, פאַרטריבן,
די טרייע נעסט פון זינגען און פון ליבן.

## V

עפנט תמימותדיק, גאָלדאויגיק, קליין
אַ בלימעלע פרימאָרגנס אויף זיין קליינטשיק האַרץ
און טראַכט:
„זאָל פאַר מיר דאָס זיין
דאָס גאַנצע פעלד,
די בלאָע הייך,
די העלע זון —
פאַר מיר, פאַר מיר אַליין?
אַזוי פיצל־קליין,
אַזוי זיך סתם —
ווי קען דאָס זיין?"
און עס צעבליט זיך שמייכלענדיק און זיס
מיט אַזוי פיל חן,
מיט אַזוי פיל טעם.
„געוויס, מיין בלימעלע, געוויס,
פאַר דיר די זון, דער הימל און דאָס פעלד;
פאַר דיר,
פאַר דיר
די גאַנצע וועלט!"

VI

ווילדע יאַגוּאַרן אין אַ שטייג
און דו — אַ בייטש אין האַנט,
אַ שטאַנג פון אייזן אין דער צווייטער —

דער ים מיט שוימענדיקע פּאַליעס אינעם שטורעם
דיין שיפל ווי אַ שפּאָן —
דיין האַנט דאָך האַלט דעם רודער.

דיין מוח ווי דיין נאַכט מיט טרוימען פול —
דער טרוימער מוז זיין שטאַרקער פון זיין חלום;
ווען ניט — איז ער פאַרלוירן.

## VII

די שיף וואָס מיט אַזוי פיל מי
דיין האַנט האָט צוגעפירט צום שטילן האַפן,
וואַרפט זיך אומרואיק, געבונדן צו דער קייט,
און צעשטרייפט איר אָפּבילד אינעם בלאָען וואַסערשפּיגל.
דער מאַסטבוים נאַקעט סקריפּעט;
דער ווייסער זעגל, האַלב צעריסן — אין זיין שטריק געוויקלט.
און דו, מיין פריינד, כאָטש מיד און אַלט,
טראָץ אַלע שטורעמס, ווינטן, שוואַרצע נעכט,
דו טרוימסט פון בלאָע וויַיטן.

דער וועג, ער פירט דיך צו געהיימע ברעגן,
וואו אויף אונטערוואַסער־פעלדזן
שוימט מיט כעס דער אָפּגרונט,
גרייט דיך איינצושלינגען.

אַ מאָל אין אַ לבנהדיקער בלאָער נאַכט
האָט אין אַ הייל געזונגען אַ סירענע.
כאָטש שוין לאַנג — געהיים דיך ציט אַהין צו.

פריינד, דו ביסט פאַרלוירן!

VIII

פילן ס׳גליק פון ווערן איינגעטעמט,
איינגעוועבט, אַריינגענומען
אינעם אַלגעמיינעם גרויסן
וואָס איז די שיינקייט פון דער וועלט —
פון יעדן בלימל, יעדן בוים,
פון פיצל שיין אויף פּיצלעך זילבערוואָלקן
און ביז צום דונערקראַך און בליצנבלענד,
וואַסערפאַל און וויגנדיקן ים,
זון און נאַכט און שטורעם,
באַרג און טאָל, ליד, קאָליר, פּאַרפום —
און פון דעם אַלעמען וואָס טראָגט נאָך ניט קיין נאָמען,
וואָס יעדער פילט דאָך אַזוי נאָנט פון זיך אַליין —

פילן אָט דאָס גליק —
כאָטש שעה׳ען פון יסורים
איז די פּרייז דערפון —

ניט אמת, פריינד, דער טויט
איז ניט צו טייער?

## IX

ער האָט אַ בליץ געפאַנגען!
ווען ס'האָט די נאַכט מיט בלאָע פייערווערק געשפּילט זיך
און דונערן ווי פעלדזנבערג געקאָלערט,
האָט ער אין שוואַרצע כמאַרע־סביבות זיך פאַרקליבן,
אַ טויך געטאָן זיך אינעם שטורם,
און ווען אַ בליץ, בענגאַליש העל,
האָט ווי אַ בלאָע שלאַנג געוואָרפן זיך אין זיגזאַג
פון איין וואָלקן אינעם צווייטן,
האָט ער מיט ביידע הענט אים אָנגעכאַפּט
און איינגעוויקלט זיך אין אים.
אַ דונער איז געבליבן שטיין געפּלעפט,
דער קראַך אין קעל דערשטיקט —
אַזוינס איז נאָך אין הימל ניט געשען!

און ער האָט יונג צעלאַכט זיך אויפן קול.

X

בלאָנדע דעקאָלטירטע מיידן מיט געפאַרבטע ליפּן בלאָ
זינגען קווײטשענדיק אויף קאַרוזעלעס
וואָס דרייען זיך אין רויש פון ליכט און קאַטערינקעס,
קענען ניט דערגרייכן ערגעץ וואו אַ ציל
און ניט געפינען עמעצס שפּרונג צו עמעצס האַנט
אָפּצושטעלן די גאַנצע מאַכערייקע.

אַלע גאַסן שלאָפן שוין פאַרגליווערט אין דער פינצטער,
הינט קרעציקע, ערשטווינטע, הייזעריק פון וואָיען,
פרעגן די לבנה, די פאַרטשעפּעטע צום קלויסטערשפּיץ:
וואָס קומען זיי דאָ מיצקע דרינען אומגעלומפּערט
מיט דעם חוזק-קאַרנאַוואַל אין מיטן מאַרק?

די בלאָנדע דעקאָלטירטע מיידן לאַכן קווײטשענדיק און הויך,
גלעטן ווייסע טאָוולפערד מיט נאַקעטקייט פון רונדע פיס,
פלאָנטערן צוזאַמען פאַלשן דימענטגלאַנץ מיט האָליץ-גירליאַנדעס,
דרייען זיך פאַרכישופט פאַרוים אין אַ ראָד
און קענען זיך ניט אָפּשטעלן, ניט אַנטלויפן.

XI

היינט האָט דער מענטש זיך אויפגעכאַפּט באַגינען
און פאַרוואָלקנט ווי אַ שווערע לאַסט
דערפילט דעם גראָען הימל איבער נאַסע דעכער,
און די שויבן, אָנגעכמורעט, בייז,
וואָס קוקן ברוגז און פאַרשלאָפן אויף דעם הוילן דרויסן.

אַ גאַנצע נאַכט געחלומט בלאָ און ראָז,
אין שוואַרצע ווינקלען שווייגנדיק געקאָרטשעט,
ווי די טויבן אין די נעסטן
לידער אויסגעוואַרעמט,
גרייט די פרייד פון זונענאויפגאַנג צו באַזינגען —
און פרימאָרגנס אויפגעכאַפּט —
אַ ווירקלעכקייט פון גראָע ווענט דערזען!

טריפן טראָפּנס
דאָ פון דראָטן, דאָ פון דאַרע צווייגן,
דאָ אויף אַ פאַרמאַכטן לאָדן.

עפּעס ליגט פאַרבאָרגן אין אַ ווינקל
און באַוויינט מיט כעס אומזיסטע טרוימען.

XII

„אפשר וואָלט גענוג געווען, אַז עמעץ
זאָל אַ ריר טאָן אים ביים אַקסל
און אַ פרעג טאָן: נביא, זאָג: וואו פירט דער וועג?" —

אפשר וואָלט גענוג געווען, אַז עמעץ
זאָל אַ לייכטן ריר, אַ בלויזן פרעג טאָן? —

נאָר קיינער האָט זיך ניט דערוועגט —
בלינד און שטום, מיט צוטרוי און געטריי
ווי אַ סטאַדע שאָף געפאָלגט —
ווי אַ סטאַדע שאָף געהאָרכזאַם
ס'גאַנצע פאָלק.

און ער האָט נאָר געטראַכט:
„ניט בלייבן שטיין!“ — ניט ווענדן שטום אַ בליק צום האָריזאָנט;
ניט צווייפלען, ניט אַנטוישט
זאָל בלייבן הינטער אים די עדה!

פאָרויס איז דער וועג געגאַנגען, פאָרויס,
פאָרויס אינעם מידבר, פאָרויס אין דער נאַכט,
ער דער ערשטער אויבן־אָן —
דערפאַר האָט קיינער ניט געזען די טרער ביי אים אין אויג.

## XIII

װען די עפּל־ און די קאַרשנבײמער בליען,
ראָז און װײס און גרין,
װערט יומטובדיק און גרױס אין האַרץ;
מען באַטראַכט אױף ס׳נײַ די זאָרג פֿון אַלע טאָג
און מען שמײכלט: דאָס איז עס אין גאַנצן?
זאָגט מען זיך:
װי גוט, דערלעבט אַ נײַעם מאַי!
און דער שפּיגל שמײכלט דיר אַקעגן:
נאָך ניט אַזױ אַלט דאָס פּנים —
קנײטשן צװײ צי דרײַ, מען זעט זײ קױם.
ס׳פּײַערל אין אױג, עס גלאַנצט.
גלעט מען זיך די האָר — אַט קױם געזילבערט,
און מען טראַכט: די שכנטע, די בלאָנדע...

װען די עפּל־ און די קאַרשנבײמער בליען.

## XIV

אין סגלען אונטער שטיקער בלאָע הימלען
קומען ווילדע קאַטשקעס שוין צו פליען;
באַלד וועלן קאַרשנביימער ראָז און וויים צעבליען,
באַלד וועט דעם טייך אַ זילבעררויש צעטומלען,
מיט פייכטן בעז באַלד וועלן גערטנער שמעקן
און אָוונטצייט פאַרליבטע נאַכטיגאַלן וועקן.

צום נייעם פרילינג מאַכט די וועלט זיך גרייט
מיט אומגעדולד אויף דער באַגערטער פרייד.
וואָס טויט, איז טויט; פאַרגעסן, איז שוין ווייט;
מיט נייע בלומען וועלן קברים זיך באַדעקן;
קברים-בערגלעך, ברעטלעך מאָך-באַדעקטע,
מיט קרענץ-סימנים, נעמען אָפּגעמעקטע,
פאַרגעסענע, פאַרלוירענע אויף יונגנטס נייע וועגן,
ווי אומבאַהאָלפענע געפּרואווט נאָך עפּעס שטום
ביי לעבעדיקע פרעגן.

וואָס קען דאָך פרילינג און וואָס קען לעבן
טויטע און צעפוילטע קברים ענטפערס געבן?

## XV

אַט איז אַ זומער נאָך אַוועק —
אַ גאָלדענער סך־הכל
איז אין דער קילער בלאָער לופט פאַרצויגן.
אָט איז די ערד, דאָס פעלד, דער סאָד,
דער גאָרטן און דער טייך —
זיי זאָגן: וואָס געבליט, איז אָפּגעבליט!
וואָס געצייטיקט — אויסגעצייטיקט!
די עפּל רויטלען זיך אין קויש,
די זאַנגען — גילדן שטרוי אין שייער!
מיין קלאָרער שטראָם איז לויטער ריין;
די אַלטע וועלן זענען ערגעץ וואו פאַרשוואומען
און ניט געלאָזט קיין סימן!
און דו — דו וואַנדערסט מידערהייט, פאַרטראַכט;
וואו איז דער פרילינג דיינער, פריינד?

דיין חלק זומער, פילסט עס, ווייסט:
עס ליגט ניט מיט די עפּל אינעם קויש,
עס ליגט ניט מיט די קערן ווייץ אין זאַק,
עס איז אפילו ניט מיט קלאָרע וואַסערן אַוועק צו נייע ברעגן!
דיין חלק זומער — פילסט עס, ווייסט:
עס וואַלגערט זיך אויף אָפּגעוועלקטער ערד
אונטער די שטומע, גאָלדגעקרוינטעביימער
און פוילט צוזאַמען מיט די פוילנדיקע בלעטער
לאַנגזאַם... אויסגעדאַרט... אָן נוצן...

## XVI

גאָט,
אויב בין איך פּעיק אויסצופּועלן,
אַז מיין תּפילה זאָל געפינען חסד ביי דיין ווילן,
בעט איך ניט פאַר מיר
ניט מאַכט, ניט רום, ניט כּוח.
זאָל קומען וואָס עס קומט — פאַרפאַלן!
מיין גורל איז מיר ניחה!

איך בעט דיך נאָר איין זאַך,
מיין גאָט:
אין יענער לעצטער רגע,
ווען אָפּגעריסן ווערט דער לעצטער פאָדעם
וואָס בינדט מיין גוף צו דעם וואָס רופט זיך לעבן,
(אָט נאָך איין וואונק, אָט נאָך איין לעצטן שפּיר,
און אויסגעלאָשן ווערט דאָס ליכט —
און אָפּגעטעמפּט ווערט יעדער ריר!)

אין יענער לעצטער רגע פאַר מיין טויט
מיין לעצט געפיל זאָל זיין:
אין מיין געקילטער האַנט צו פילן פון אַ פריינד
אַ צאַרטן דרוק פון אַ באַרירטער האַנט;
מיין לעצטן בליק זאָל אין אַ חברס אויג געפינען
אַ בליק פון חברישער נאָנטקייט.

און רואיק וועל איך שטאַרבן.

## XVII

נאָר ניט מיטלמעסיק, פריינד,
נאָר ניט האַלב!
אויב דו קענסט ניט זיין קיין אָדלער,
זיי אַ שוואַלב!

ווען יענער, בליק צו זון געווענדט,
תהומען מעסט,
דו, דיין גרענעץ־צוים דערקענט,
בוי דיין נעסט!

## XVIII

פון הינטער ווייטע בלאָע בערג
רופט די זון אַהיים די לעצטע שטראַלן,
פאַרשפּעטיקטע דאָ אויף אַ שפּיץ פון בוים, דאָ אין אַ שויב.
פון אויבן דאָרט, אויף פּיצלעך וואָלקנס ראָז און ווייס,
ווינקען זיי אַרונטער צו דער שאָטנדיקער ערד
אַ בליק, אַ גרוס, אַ פאָכע מיט אַ זיידן טיכל:
מיר קומען, זון, מיר קומען!
און מען ווייסט ניט, וועמען דאָס זיי מיינען.
די וועלט איז אומעטיק און שטיל,
אַ בענקשאַפט ווי אַ בלאָער נעפּל הילט אַלץ איין.
ערגעץ קלינגט אַ גלאָק.
ערגעץ רוישן וואַסערן.

אַ טאָג אַוועק! — באַדויערט ס'לעבן.
ענדלעך נאַכט! — צעשמייכלט זיך דער טויט.
און דער מענטש?
ער בלייבט דערשראָקן
און אַנטלויפט פון ביידע אין אַ טרוים.

## XIX

גראָע וואָלקנס קריכן אויף די דעכער
און וויינען ווי מיט טרערן אויף דער שויב.
אַן אַלטע קאַטערינקע אויפן הויף
שפּילט מאָנאָטאָן אַן אַלט־באַקאַנטן ניגון.
טאָג־טעגלעכקייט, טאָג־טעגלעכקייט — אַן עגבער —
בויערט נאָך אַנאַנד אין האַרץ און מוח.
וואַרטן, וואַרטן, וואַרטן —

גאָט אין הימל,
וויפל יאָרן האָסטו נאָך צו לעבן,
וויפל איז דער שיעור?
נאָר קיינער רייסט ניט וואָלקנגראָ אויף שטיקער,
קיינער ברעכט ניט ווענט.
טרערן פּערלען זיך פּאַמעלעך אויף דער שויב כסדר
און די אַלטע קאַטערינקע אויפן הויף
שפּילט מאָנאָטאָן דעם אַלטן ניגון.

## XX

צער,
זיי געבענטשט, דו שאַרפֿע פֿייל
אין מײַן האַרץ!
די וואונד צעבלוטיקט שרייט איר רויטע פּיין,
אַ רויט געזאַנג,
ווי אין צעבליטער רויטער בלום
דער וויי,
ווען מיט איר שאַרפֿן בים אַ שוואַרצע בין
לעכערט ס׳צאַרטע בלומענלייב.
זי ווייסט,
אַז נאָר אַזוי
ווערן וועט די בלום באַפֿרוכפּערט,
שאַפֿן זוים,
אפֿילו מיט דער פּרייז פֿון טויט.

צער,
דו שאַרפֿע פֿייל
אין מײַן האַרץ!
איך בענטש די האַנט פֿון טייוול צי פֿון גאָט
וואָס האָט זי מיר געשליידערט.

XXI

אָפּט טוט דער שטורעמווינט דעם בוים אַ טרייסל
מיט ווילדער קראַפט, אַ בייג, אַ ברעך, אַ ריס —
ס'איז ניט אַ צופאַל, אַ קאַפּריז,
ס'איז אַ ווילן, ס'איז אַ פּרואוו,
אַליץ פון צווייג, פון פּרוכט, פון בלאַט,
וואָס פויל איז, שוואַך און האַלט זיך נאָר כמעט,
זאָל ווערן אָפּגעפליקט, זאָל פאַלן און פוילן אויף דער ערד.
אַזוי איז גורל פונעם בוים באַשערט:
נאָר דאָס וואָס אויסהאַלטן דעם שטורעם קען,
איז שטורעם איבערלעבן ווערט!
אַ שטרענג געזעץ, אָן האַרץ, אַ שטיין —
ס'איז דאָס געזעץ פון זיין.
צו וואָס באַלעסטיקן מיט טויטער לאַסט דעם בוים?
לעבנסקראַפט — נאָר פאַר דעם לעבנסזוים!

און דו, מיין חבר, ציטער, בלי און שוויג —
זיי דער בלאַט, די פּרוכט, געבונדן צו דער צווייג.
מיר ווען איינצלנע פאַרבלייבן נאָר פיליכט,
מיט אונדז זאָל אונדזער מין ביז פולקום זיין דערגרייכט!

XXII

גערולד, מײַן פֿרײַנד, גערולד!
מיט די הענט וואָס רײַסן שטײנער פֿון די פֿעלדזן,
וואָס טראָגן איבער בערג
און צווינגען וואַסערן צו בײַטן זײער שטראָם,
וועלן בויען מיר, די יוגנט,
דעם בית־מיקדש פֿאַר דעם מענטש —
און ניט דער מענטש וועט דאָרטן געטער דינען,
נאָר פֿאַרקערט.

מיט אונדזער שווייס און בלוט,
מיט טרערן, אַז מען דאַרף און מוז,
וועלן מישן מיר דאָס זאַמד וואָס וועט פֿאַרוואַנדלען זיך אין ליים,
און בויען ס'הויז דעם גײַסט
מיט אַן אָרט פֿאַר אַלע געטער,
סײַ פֿאַר די וואָס וואוינען אויפֿן אָלימפּ,
סײַ פֿאַר די וואָס וואוינען אויפֿן סיני.
שיינקייט און גערעכטיקייט,
זיי וועלן לעבן דאָרט בשלום;
און אַז מיר ווילן דאָס, מײַן פֿרײַנד,
איז עס ניט קיין פּוסטער חלום.

## XXIII

מיר וועלן זיכער נאָך אַ מאָל,
געוועקט פון עמעצנס אַ ווילן
וואָס מיר רופן צופאַל,
אויפוואַכן צו נייע לעבנס
און נייעווירקלעכקייט דערקענען,
ווי די וואָס אונדז דערשיינט אין חלום,
ווען ס׳לייב, באַזיגט פון נאַכט, שלאָפט איין.

לעבן — ווי פּאַסעטן פון אַ דימענט
שיינט עס אויף פּאָר אונדז נאָר איינס ביי איינס,
און יעדע האָט איר פּראַכט.
לאָז דעם טויט דיך פירן וואו ער וויל,
ווי דו לאָזסט דעם מלאך פונעם שלאָף ;
ווער ווייסט, אין וועלכן טרוים דערוואַכסטו ?
ווער ווייסט, צו וועלכן גליק ?

נאָר רואיק, פריינד, אָן פּחד,
נאָר רואיק, פריינד, אָן פּיין,
נאָר רואיק, פריינד, שלאָף איין,
שלאָף איין,
שלאָף איין !

## XXIV

אינעם בלאָען טונקל קלינגען ווייטע גלאָקן.
אויף וואָלקנדלעך פון זילבער־ראָז
זיצן שטיל מלאכימלעך מיט בלאָנדע לאָקן
און זינגען שירה צו אַ ווייטן גוטן גאָט
וואָס האָט ליב אַ שטילע וועלט
פון וואַלד און פעלד
און האָט פיינט דעם טומל פון דער שטאָט.

אינעם בלאָען טונקל אַלעם האָרכט,
קיין פייגעלע ניט פּיפּסט, קיין בלעטעלע ניט שאָרכט —
אַ צאַרטע בלאָקייט איבער אַלץ פאַרצויגן.
מיט טרערן פרומע בלימעלעך אין פייכטן גראָז
הערן שטיל:
אויף וואָלקנדלעך פון זילבער־ראָז
זיצן דאָרט מלאכימלעך מיט לאָקן גאָלד
און זינגען שירה צו אַ ווייטן גוטן גאָט.

ווי גוט וואָלט לעבן אונדז זיך דאָ געוואָלט!

## XXV

טראָפּנווייז, געלאַסן
פאַלט דער בלאַסער מאָרגן אין מיין צימער,
ווי טראָפּנס בלאָע מילך אין שוואַרצער קאַווע.
אַ חלום, ניט אין גאַנצן אויסגעחלומט,
פּלאָנטערט זיך — צעטומלט גאָלד — אין מוח.

די ווירקלעכקייט, די גראָע ווירקלעכקייט פון אַלע טאָג,
קוקט דורך אַ לאָדן־שפּאַרע, רופט און זוכט:
„וואו איז ער דאָס?
געוואָלט באַהאַלטן זיך אין טרוימען!
ניט אויסגעזאָרגט נאָך איז דיין חלק זאָרג,
ניט אָפּגעצאָלט דיין חלק מי —
דיין לעבן איז אַ חוב —
דו וועסט אים מיט דיין טויט באַצאָלן;
אייל זיך! קום! שטיי אויף!"

...דער ים געוועזן איז בלאָ און זוניק,
מימאָזע־ביימער האָבן גאָלדיק זיך באַוועגט אין ווינט,
ס'שיפל וויים, אין גאַנצן ווייס, האָט זיך געוויגט, געוויגט —
איך האָב געערופן זי פון ברעג:

„דערלאַנג די שיינע האַנט! נו שפּרינג!“
„מלאכים שפּרינגען נישט — זיי שוועבן!“ —
האָט זי פריש און קלינגענדיק געלאַכט
און צעשפּרייט צוויי אומבאַמערקטע ווייסע פליגל.

טראָפּנווייז, געלאַסן
פאַלט דער בלאַסער מאָרגן אין מיין צימער;
מיט יעדן טראָפּן טאָג
ווערט טונקעלער ביי מיר אין האַרץ.

## XXVI

ציט זיך, לאַנגווייליק און מאָנאָטאָן,
שפּאָן נאָך שפּאָן
אין גראָען נעפּל גראָ א קאַראַוואַן.
אַ לעבן —
מיינס צי דיינס —
אַ קאַראַוואַן פון ערגעץ ניט געקומען,
אין ערגעץ ניט צו גרייכן,
מיט טאָג־טעגלעכקייט באַלאָדן,
אַ שווערן יאָך אומניצלעכקייט —
שפּאָן נאָך שפּאָן
און מאָנאָטאָן, מאָנאָטאָן און לאַנגווייליק. —
העי, דאָרט! וועגווייזער משטיינס געזאָגט!
זינג אַ ליד אוים! צי אַ ניגון!
זאָל כאָטש זינגען אומעט אָדער פרייד,
מידבר פון צעקראָכנקייט,
שלעפּערס פון דער וועלט!

## XXVII

וואַלגערן זיך שטערן אינעם רינשטאָק,
בלישטשען גאַנצע נעכט אין טיפער הוילקייט,
אין דער בלינדער פינצטערניש פון גאַסן...

וואַלגערן זיך שטערן אינעם רינשטאָק
און מענטשן איילן נאָך אַנאַנד פאַרביי —
„שטערנשיין? וואָס גייט עס אָן דאָרט ווּעמען?"

וואַלגערן זיך שטערן אינעם רינשטאָק —
און אַ מאָל צווישן זיי
מיט אַ געלן קלאַנג פאַלט אַ מטבע.

דעמאָלט בייגט זיך עמעץ איין,
זוכט אַ האַנט אין קויט דעם נישטיקן מעטאַל
און באַמערקט אפילו ניט,

ווי ס'וואַלגערן זיך שטערן אינעם רינשטאָק,
בלישטשען גאַנצע נעכט מיט ציטערדיקער שיין
און טרוימען אפשר פון די ווייטע הימלען.

XXVIII

אונ אַז די גאָלדנע סטרונע איז צעפּיצלט אויף דער ערד געפאַלן,
צעהאַקט, צעריסן מיט דער האַק,
אין הענט פון גראָבן יונג, וואָס איר געזאַנג האָט נאָר גערייצט,
האָט יעדעס פּיצל אין דעם לעצטן זיפץ פון אונטערגאַנג
אַזוי צאַרט געקלונגען,
אַז מלאכים האָבן שטיל געוויינט.
דאָך איז דער גראָבער יונג געבליבן ניט גערירט
און געגרייסט זיך מיט זיין אויפטו,
און ס'האָבן זיך געפונען לייט
וואָס האָבן אַפּלאָדירט די רויע קראַפט
וואָס באַזיגט די שיינקייט.

## XXIX

זאָל די שטילע רואיקייט
פון ליכטיקע באַגינענס
וואָס גילדן בלאָע נעפּלען
און וועקן פייגלטשוויטש אין נעסטן,
אויך היילן דיין געמיט,
מיין פריינד פון גרויסע שטעט.

זאָל די זילבערנע געלאַסנקייט פון טייכן
וואָס שפּיגלען בלאָע הימלען אָפּ
און טראָגן קילע רואיקייט
פון טאָל צו טאָל,
אויך היילן דיין געמיט,
מיין פריינד פון גרויסע שטעט.

## XXX

דאָס פּיצל בלאָער הימל
וואָס דאָס קאַרגע פּענצטער שענקט מײַן בליק,
פאַרגינט מיר ניט דער דאַך מיט זײַנע קוימענס
און פאַרחושכט עס מיט רויך —
אַ שוואַרצער פלעדערוויש, וואָס קומט
מיר רויבן ס'איינציקע, וואָס קען
טרייסטן דעם פאַרשלאָסענעם אין תּפֿיסה.

נאָר ס'פּיצל בלאָער הימל
שמייכלט מיט אַ זונענפלעק אויף גראָע ווענט:
אָט שיק איך באַלד אַ לייכטן ווינט!
זאָרג ניט: רויך פאַרשווינדט
און הימלען זענען אייביק בלאָ!
אָט נאָך אַ טאָג, אַ יאָר, צי צוויי —
און דו ביסט פרײַ! ביסט פרײַ! ביסט פרײַ!

## XXXI

און אַז די זעעוודיקע וועלט,
צי בלויז די נאַר געזעענע,
דרימלט איין אַ מידע, איינגעהילט אין נאַכט,
און כ׳בלייב אַליין מיט מיינע שאָטנס אינעם צימער,
שלייכט זי זיך אַריין מיט טריט, פון קיינעם ניט געהערטע,
אַ בלייכע און אַ שטאָלצע,
מיט אַ פאַרוואורף אינעם בליק,
וואו עפּעס צאַנקט און וויל ניט, קען ניט אויסגיין.
זעצט זי זיך אַקעגן מיר און שווייגט
שעה׳ן נאָך אַנאַנד, פאַרעקשנט און פאַרביטערט,
צי לענט דעם מידן קאָפּ אויף ווייסע הענט —
ס׳איז מיין יוגנט.
לאַנג, ווי כ׳האָב זי שוין געקענט;
איך ווייס, וואָס זי פאַרלאַנגט,
איך ווייס אויך, וואָס זי וויל
און אַז זי איז גערעכט.

עס איז מיין שולד: איך האָב זי אָפּגענאַרט;
צוגעזאָגט איר אַזוי פיל
און אַזוי לייכטזיניק פאַרראַטן.

## XXXII

מיר זענען אָרמע שעפעלעך
וואָס בלאָנדזשען אין פאַר־שטורעמדיקע נעכט
און זוכן אונדזער גוטן פּאַסטוך.

אונדז שרעקט די נאַכט, דאָס פינצטערע געוויטער —
ווער זאָל עס פירן אונדז
אַהיים, אַהיים?

מיר זענען אָרמע שעפעלעך,
איינפאַכע, וואָס בעטן נאָר אַ גוטע האַנט
וואָס זאָל אונדז שיצן אינעם שטורעם.

מיר ווייסן, אונדזער פּאַסטוך האָט אונדז ליב,
ער זוכט אונדז שוין פון לאַנג געווים —
מיר קענען זיך נאָר ניט געפינען.

מיר זענען אָרמע שעפעלעך
וואָס בלאָנדזשען אין פאַר־שטורעמדיקע נעכט
און די ערד איז פול מיט וועלף.

## XXXIII

אין גאָלדענעם זעפיר פון זונפאַרגאַנג
פלאַטערט ציטערנדיק אַ קוש
און זוכט אַ נעסט:
צוויי רויטע ליפּן.

שווער די לאַסט פון זיסן תענוג,
און נאַכט מיט קאַלטע הענט
לאַקערט, וויל דערשטיקן.

אין גאָלדענעם זעפיר פון זונפאַרגאַנג
פלאַטערט ציטערנדיק אַ קוש;
באַלד קומען זיי, די שאָטנס —
טויט איז נאַכט.

וואָס זשע, יוגנט, ביסטו שטיין צי אייזן?
איז אַלץ שוין אויסגעלאָשן אינעם האַרץ?

אין גאָלדענעם זעפיר פון זונפאַרגאַנג
פלאַטערט ציטערנדיק אַ קוש —
און וויינט:
דערבאַרעמט זיך אויף מיר,
איך וויל ניט פרירן!

## XXXIV

מיין שיף האָט נאָר איין זעגל אויפן מאַסטבוים,
אַ טרוים וואָס בענקט און רופט דעם ווינט, די ווייט,
אַלע שטורעמס אויפצונעמען גרייט;
איין זעגל האָט נאָר בלויז מיין שיף — אַ טרוים.

מיין שיף, זי האָט קיין אַנקער ניט אפילו,
ניט קיין רודער, קיין באַשטימטן ציל,
יעדער ווינט טראָגט זי וואו ער וויל,
דאָך חלומט זי אַ מאָל פון פאַליעם שטילע.

דאַן זוכט זי פון סירענעס בלאָ געזאַנג,
מיידלאויגן אויף אַ ווייטן אינדזלס ברעג
און זי געפינט אַליין אַהין דעם וועג —
מיין שיף פאָלגט נאָר דאָס האַרץ, ניט דעם געדאַנק.

## XXXV

האָט אַ קינד אַ טרוים געשפּונען
ביים שיין פון גאָלדענעם באַגינען,
ווי פּערל ראָז, ווי פּערל צאַרט,
אַ טרוים געשפּונען און געוואַרט,
זיין האָפנונג איינגעוועבט דערינען.

„זילבער טייכן פאַליעם פליסן —
צייט, איך וועל דיין גליק געניסן!
זינג! דער מאָרגן פרייד געבראַכט!“
און געקומען איז די נאַכט,
אומגעריכט דעם טרוים צעריסן.

האָט אַ זיפּצנדיקער זקן
שטיל באַטראַכט די זילבערלאָקן,
טרוים געזוכט אין פּיצלעך צוית.
ערגעץ האָט געלאַכט דער טויט
און דאָס האַרץ פון קינד געשראָקן.

## XXXVI

ווירקלעכקייט — מיין ווירקלעכקייט צי דיינע?
ווירקלעכקייט — זי איז ניט איינע;
זי איז טויזנט, איז מיליאָנען, איז אָן צאָל,
איז אַזוי פיל,
וויפל לייט זענען פאַרהאַנען.

ווירקלעכקייט — מיין דימיון שאַפט מיראַזשן
און מאָלט מיר וועלט און מענטש ניט ווי זיי זענען,
נאָר ווי איך באַגער צו בלויז ווי איך דערזע;
און מיר און דיר און אַלע אַנדערע דאָס זעלבע
און דערפאַר איז יעדנס בליק אַנטוישט,
יעדנס האַרץ פאַרביטערט,
יעדנס צער געהיים.

זיי מיר מוחל, פריינד,
וואָס איך בין ניט פונקט ווי דו האָסט מיך פאַרלאַנגט.

# XXXVII

קום, פריינד פאָעט, און דו,
מענטש פון אַלע טעג און נעכט
וואָס פילט אין גראָע וואָכן זיך געפאַנגען!
מיר וועלן אויפרייסן דעם פלאָנטער,
וואו עס ליגט די איינפאַכקייט באַהאַלטן,
דאָס איינפאַכע וואָס איז סיי אויפריכטיק און סיי אינטים,
דאָס איינפאַכע וואָס איז די שיינקייט זעלבסט.

אין פראָסטע רייד וואָס הילן זיך אין פרייד
ווי אין זונענשיין פון גוטע שמייכלען
פון העלע בליקן, אויגן אָפענע נאַיווע,
אין פאָרמען פשוטע וואָס צייכענען האַרמאָניש
דעם קאָנטור פון דער אַנטפּלעקטער פראַכט —
עס איז סיי היימיש און סיי שיין און ליב.

קום, פריינד פאָעט, און דו,
אומבאַקאַנטער חבר פון דער גאַס,
באַפרייטע וועלן מיר זיך פילן ווי באַנייט
און דערקענען ענדלעך פונעם לעבן ס'גליק.

XXXVIII

אין טונקלקייט פון גרינעם אומעט,
פרילינגסנעכט אין אַלטע סעדער,
ווײַנט מיט רויטע טרערן ס׳האַרץ מײַנס —
ניט פֿאַרהיילטע וואונד
וואָס דער טאָג פון מײַן געבוירן האָט געעפנט.
אָט זענען ביימער שטאַמיק און באַיאָרנט,
באַדעקט די צווייגן מיט אַזוי פיל בליטן;
אַלע האָבן זיי פאַרגעסן זייער אַלטן האַרבסט
און טראַכטן נאָר פון דעם וואָס דאַרף ערשט קומען,
גרייטן זיך צו שאַפן נייע זוימען,
נאָך און מער און מער,
אַלץ מיט צאָל באַקעמפן!
עפּעס וועט דאָך פון זיי בלייבן אייביק
און דאָס גענוגט, זיי זאָלן רואיק לעבן.

און דאָ —
ליגן אינעם גראָז און טראַכטן,
נישטערן און זוכן און וועלן אַלץ באַגרייפן,
אינעם מאַי באַוויינען דעם סעפּטעמבער פון פאַריאָרן.

## XXXIX

פון שטראַלנדיקע הייכן
אינעם קוים פון נידעריקע טאָלן
ביסטו, צאַרטער גייסט, אַראָפּגענידערט.

מיט ליפּן צאַרטע — געטער צו באַזינגען —
האָסטו פוילנדיקע וואונדן אויסגעקושט,
מיט ווייסע פינגער — סטרונעס צו באַרירן —
האָסטו קרעציקע געצערטלט.

מיט קלאָרע טרערן פרעמדן שמוץ געוואַשן,
און דאָס האַרץ, דאָס צאַפּלדיקע האַרץ,
צעפּיצלט און צעטיילט.

און איינגעשלונגען האָט די נויט
דיינע געטלעכע מתנות,
און ניט געבליבן זאָט —
אייביק פינצטער איז די ערד.

XL

אין נעכט פון שטילן אומעט
ציטערט אַ געוויין,
די תפילה פון אַטאָם,
דעם ערשטן אור־אַטאָם,
וואָס האָט מיט איין באַוועגונג, מיט איין ריר
דעם כאַאָס פון אַלוועלט
אין ווילדן לעבנסטאַנץ צעשפּילט.
אין ברויז פון אַלע זון־סיסטעמען,
אין קרייז פון אַלע שטערן און פּלאַנעטן,
אין רונדן וועג פון טויטע און פון לעבעדיקע וועלטן
און ביז אין פּיפּס פון קליינעם ווערעמל אין גראָז,
און אפשר ביזן אומגעהערטן זיפץ פון נעם מיקראָב —
אין אַלעם קלאָגט דאָס ציטריקע געוויין,
די שטומע תפילה פון אַטאָם,
וואָס האָט זיין רו אין אייביקייט פאַרלוירן,
און בעט זיך, האָפט,
ווידער רו אין אייביקייט געפינען.

XLI

נאָר אין הייסן פלאַם געגליט,
נאָר מיט שלאָג פון האַמער
ווערט גאָלד אין קרוין פאַרוואַנדלט.

נאָר מיט האַרטן רייב פון שטיין,
נאָר מיט קריץ פון שלייפן
ווערט דימענט אין בריליאַנט געענדערט.

און דו, אויב ליידן איז דיר שווער,
ביסטו פריי, אַ רויער שטאָף צו בלייבן
צי ווערן אַ געצירטע קרוין.

XLII

אויפגעעפנט האָט אַ פענצטערל
נח אין זיין תבה,
אַ טייבעלע מיט גוטע הענט געגלעט,
אין שנעבעלע געקושט
און געזאָגט:
„גיי ברענג אַ גרוס פון גוטע לייט,
גיי ברענג אַ גרוס פון ליבשאַפט.“

איז דאָס טייבעלע מיט פרייד אַוועקגעפלויגן.

האָט נח ביי זיין פענצטערל זיך אויסגעקוקט די אויגן
אַ טאָג און צוויי און דריי —
און ס'טייבעלע איז צוריקגעקומען
מיט אַ פאַרסמטער פייל אין לייב
און טויט געפאַלן צו זיינע פיס.

## XLIII

שוואַרצע סאַרנעס מיד און שלאַנק
מיט טרויעריקע מאַנדלאויגן
בלאָנדזשען אינעם בלאָען וואַלד פון מיינע טרוימען
און בענקען נאָך דעם אומבאַקאַנטן יעגער
וואָס לויערט אויף זיי אינעם שאָטן.
זיי טרויערן: פאַר וואָס, פאַר וואָס,
שיינע, שלאַנקע און גראַציעזע ווי זיי זענען,
איז זיי באַשערט פון יעגערפייל
— די ווירקלעכקייט פון לעבן —
צו בלוטיקן כסדר —
זיי, די מידע סאַרנעס
מיט די טרויעריקע מאַנדלאויגן
וואָס טרוימען פון אַ צאַרטן גלעט פון שלעכטע יעגערהענט..?

## XLIV

אָפּגעריסן פון דער זון
האָט די ערד מיט אַלע כוחות
צריק צו זון אַ וועג געזוכט —

און געבליבן הענגען אינעם מיטן קרייז,
פון טויזנט ווילנס צוגעצויגן,
פון טויזנט ווילנס אָפּגעשטויסן.

און מיר, זונענשטויב,
פאַרבלאָנדזשעטע אויף דעם פּלאַנעט,
עדות, שטומע עדות פון דער דראַמע —

שלאָגט דער עכאָ פון פּלאַנעטן־ווײ אין אונדז זיך אָפּ,
ווי דער עכאָ פונעם ים אין מושל,
פאַרוואָרפן אויפן ברעג.

# XLV

צופּאַסן דעם אידעאַל צום מענטש
צי דעם מענטש צום אידעאַל —
אַ קאָמפּראָמיס
און אַ פּאַרזועניש
ווען שוין פון דעם אַרויס.
קאַלטער מוח, וועסט ביז אויסגיין קעמפן,
ניט נאָכגעבן דעם פּלאַם אין ברוסט.
אידעאַל און מענטש,
מענטש און אידעאַל —
מוח, טראַכט און וויל!
האַרץ, צאַפּל, לייד און פיל!

און ווער איז עס דער דריטער,
וואָס ווײַנט צי שמייכלט ביטער
און באַטראַכט פון דרויסן אָט די מאָדנע שפּיל?

## XLVI

ליגט דאָס ריינע גאָלד געפאַנגען אינעם פעלדז,
פאַרשלונגען אין דער מאַסע שטיין,
און וואַרט געדולדיק,
האָפט אויף זיין באַפרייונג.
און ווער ווייסט?
טראָץ אַלע ליידן
פון רייסן, האַמערן און שמעלצן,
בענטשט פילייכט דאָס גאָלד די האַנט
וואָס האָט אים צריק געשענקט די ריינקייט.

## XLVII

אַ „זיי־געזונט“ הענגט אין דער לופט,
דורכזיכטיק און צאַרט ווי בלאָע זייד
וואָס איז צו לאַנג געלעגן קעגן טאָג.
אויף דראָטן זאַמלען זיך די שוואַלבן, שווייגנדיק, באַזאָרגט,
גרייטן זיך אין וועג; די ביימער אינעם סאָד
זיפצן, ווען עס פאַלט די רייפע פרוכט אַרונטער —
קינדער וואָס פאַרלאָזן מאַמעס אָרעמס.
עמעצער, אַן אומגעזעענער און נאָנטער,
געזעגנט זיך מיט שטומע בליקן —
דער אומעט פילט זיך טיף אין אַלץ,
אין יעדער פאָרם, אין יעדן קלאַנג, אין יעדנס בליק.
טרייסטן פרואווט דעם ווינטלס אָטעם
און די בלייכע זון מיט פאַלשער פרייד,
ווי אַ שמייכל פון אַ קראַנקן, רופט:
כ׳קום אין גיכן צריק! —
ס׳ווייגט זיך דאָך אין האַרץ
און אויגן זענען פייכט.

## XLVIII

אוןָ אַז גאָט דערזעט די אָרמע קינדערלעך
וואָס שפּילן זיך ביי שוואַרץ-צעפּוילטע פּלויטן,
ביי אָרמע שטיבלעך וואו עס וואוינט די נויט —
די קעפּלעך ניט געשוירן,
די נעזלעך ניט געווישט,
די יאַקעלעך, די מייטקעלעך — אָן פאַרב, מיט לעכער,
און באָרוועס נעבעך, איינגעריסט,
אומשולדיקע, מיט גרויסע גוטע אויגן —
ווערט ביי אים דאָס האַרץ גערירט פון גרוים רחמנות
און ער נידערט צווישן זיי אַרונטער,
אַן אומגעזעענער און שטילער.
דאָס וואַסערל, די בלאָטע פאַרוואַנדלט ער אין בלאָע ימען,
די שפּענדלעך האָלץ אין וואונדערבאַרע שיפן,
די שערבלעך — פיצלעך גלאָז — אין גאָלד און דימענט,
און זיי אַליין אין ליכטיקע מלאכים.

זיי שפּילן זיך
און גרויסע קענען ניט פֿאַרשטיין —
נאָר זיי אַליין דערפֿילן גאָטס מתנה:
ליכטיק שײַנען אויף די קלאָרע אויגן,
זיי שמייכלען אַזוי אומשולדיק און גליקלעך!

זיי געבענטשט, באַשעפֿער,
פֿאַר דער רגע אָרעם קינדיש גליק!

## XLIX

אין מיטן נאַכט איז עס געשען —
זאָל עס דער הימל האָבן בלויז די ערד געקושט?
האָט עס דער ווינט געבראַכט אַ גרוס פון געטער?
צי האָט די ערד דעם פרילינג
אין אַלע טיפע אָדערן דערפילט?
ווי ס'זאָל זיין — היינט זענען אַלע ביימער ראָז און ווייס,
ווי יונגע כלה-מיידלעך אויסגעפּוצט;
קנאָספּן האָבן זיך געעפנט
און אויסגעעטעמט זייער טרוים —
יומטובדיק איז עפּעס היינט ביי יעדן.
און דו באַטראַכסט די גראָע זאָרג פון נעכטן
און לאַכסט: אָט דאָס האָט מיך געמאַטערט?

L

זיצט דער אומעט אינעם קאָפּ —
אַ שפּין — און שפּינט אַ שוואַרצן פּאָדעם,
וועבט גענאַסן שוואַרצע שלייערשאָטנס
און פאַרציט מיט זיי די קלאָרע פענצטער פונעם בליק.
דורך זיי, פאַרשטעלט,
דערשיינט דער בלאָער מאָרגן
און אַלע חושים בלייבן ווי גענאַרט,
קומען וויינען פאַר מיין האַרץ —
אַז טרויעריק איז וועלט...

## LI

פעלדזיק־ברוין און שטייניק־גראָ
שטאַרן שפּיצן בערג אין בלאָער הייך
ווי אַ דראַנג פון ריזן,
קאַרק אויף קאַרק
פאַרשטיינט אין ווילדן רייסן־זיך־אַרויף.

און ס׳דאַכט זיך, אַז
דאָס האָט די ערד
פאַרהאַרטעוועטע אָדערדיקע הענט
צו ווייטע הימלען אויסגעשטרעקט
און עפּעס וואָס געמאָנט
און עפּעס וואָס געדראָט.

LII

מיין וועג איז דערנערפול און לאַנג;
דער גראָער שטויב פון יאָרן
פאַלט אויף מיינע האָר,
די פיס, זיי ווילן מער ניט דינען,
קיין פייערל ניט רופט,
און שטום די קאַלטע נאַכט.
און יעדע טיר פאַרהאַקט
און יעדנס האַנט געשלאָסן —
נאָר בייזע הינט ביי יעדנס טויער.

מיין טרייער פריינד, דו שטעקן מיינער,
מיין אייביקער באַגלייטער,
קום ווייטער, ווייטער, ווייטער;
אין זאַק איז שווער דער טרויער,
אין האַרץ אַ בענקשאַפט נאָגט,
באַלד טאָגט —
פּילייכט...

LIII

שטיי איך מיר אַזוי אין מיטן גאַס
און ליידיק זיינען מיינע הענט,
ליידיק אַלע טאַשן, ליידיק ס׳האַרץ.
און עמעץ שטראָפט:
וואו האָסטו עס פאַרטאָן
דיין גאַנץ פאַרמעגן?
אָט דאָ ניט לאַנג געהאַט אַזאַ מין אוצר —
אַ מלך רייך!
און אַלץ אַזוי צעטרענצלט,
אַלץ אַזוי געפּטרט!
אַזוי פיל העלע טעג,
אַזוי פיל בלאָע נעכט!

איצט שטיי איך מיר אַזוי אין מיטן גאַס
און ליידיק זענען מיינע הענט,
ליידיק ס׳האַרץ.
און עמעץ פרעגט פאַרביטערט:
וואָס האָסטו, פריינד, געטאָן
מיט דיין יוגנט,
מיט דיין לעבן?...

## LIV

דער ים איז העליש רויט;
אין פייערגאָלד די זון, נאָר וואָס געזונקען,
האָט איר פלאַמיק האַרץ דער קילער נאַכט פאַרטרויט
אין פאַליעם זילבערנע, באַזוימט מיט שפּריץ פון זונענפונקען.
וואָלקנס פינצטערע, מיט זונענגאָלד פאַרפלייצט,
אַ ווייטן טרוים אין האַרץ צערייצט.
אַזוי פיל פראַכט! אַזוי פיל פראַכט!

ווייסע זעגלען קעגן בלאָען ווינט צעשפּרייטע!
...לאָזן זיך מיט דרייסטער שיף
אַהין, אַהין,
גרייכן אומבאַקאַנטע, טיפע ווייטן,
צי שיכור פון דער שיינקייט,
ניט באַגרייפט און ניט דערגרייכט,
אין טיפעניש מיט זון אין נאַכט דערטרינקען!

LV

װעמען דאַנקען פאַר מיין לעבן?
פאַר דער זון װאָס שטראַלט אין בלאָען הימל?
פאַר דער ערד באַדעקט מיט בלומענקרענץ?
פאַר דעם װאַסערשפיגל אין זיין גרינער רעם?
צי פאַר דעם פויגלשן געזאַנג?

װעמען דאַנקען פאַר דער פרייד
צו פילן דאָס האַרמאָנישע אין אַלץ,
די שיינקייט פון אַ פאָרם, פון אַ פאַרפום,
די מילדקייט פונעם װינט צי פון אַ קלאַנג,
פאַר דעם באַגרייפן דאָס מיט מיין געדאַנק?

װעמען דאַנקען עס דערפאַר —
גאָט צי די נאַטור? צי עפּעס גאָר אַ קראַפט,
װאָס צעשטערט כסדר, װייל כסדר שאַפט,
װאָס געפינט דעם װיי, כדי צו פילן פרייד,
און האָט חלומות דיר געגעבן אַ געשאַנק?

ווען דאַנקען פֿאַר מיין גליק ?
כ׳וועל ווי אַ תּפֿילה בעטן פֿרום און שטיל:
דו אומבאַקאַנטער נאָך פֿאַר מיין געפֿיל,
ווער זאָלסט ניט זיין, באַוואוסט צו אומבאַוואוסט —
פֿאַר דיר שלאָגט אין מיין ברוסט אַ ברכה און אַ דאַנק!

LVI

אין מיין ווינקל
ווי אַ שפּין
צי איך פעדעם פון מיין האַרץ און מוח
און וועב מיין נעץ געדולדיק
אַ גאָלדן זומערפייגעלע צו פאַנגען.
און יעדן אָוונט קומט אַ ווינט
און רייסט מיט שוואַרצע הענט מיין צאַרט געוועב פונאַנדער.
און יעדן מאָרגן הייב איך אָן אויף ס׳ניי.

## LVII

דער וואָרעם פֿאַר דער פּרוכט איז שוין געווען באַשאַפֿן,
נאָך דעמאָלט, ווען זי איז געוועזן בלום,
געבליט אין פֿרילינגספּראַכט פֿון זאָרגלאָזן פֿרימאָרגן,
פֿון יעדן זונענשטראַל געגלעט מיט גאָלדנע פֿינגער,
פֿון יעדן ווינטלם בלאָז געקושט מיט צאַרטע ליפּן.
שוין דעמאָלט האָט אַ וואָרעמקינד זיך אויסגעפּיקט
אין בלומענהאַרץ און זיך געגרייט,
דאָס אַלץ וואָס איז אַ ציל, אַ זוים,
מיט גיריקייט דאָס צו צעפֿרעסן
און לאָזן נאָך זיך גיפֿט אויף שפּעטערדיקע דורות.

## LVIII

מיט דעם געהיימען בליק פון דיינע שוואַרצע סאַמעטאויגן,
מיט דיינע שטילע רייד,
ווי מיט זיין פייפל דער פאַקיר
באַרואיקט די צערייצטע שלאַנגען,
היפּנאָטיזירט זיי, שלעפט זיי איין,
באַהערשסטו מיין געמיט.
אַ זיסע מידיקייט הילט איין דעם מוח
און דאָס האַרץ.
צוריק אַ קינד,
בעט זיך
לייגן אין דיין שוים דעם מידן קאָפּ,
פילן דיינע צאַרטע הענט אויף מיינע האָר
און ביי דעם ריטם פון דיינע שטילע רייד
איינשלאָפן אויף לאַנג, אויף לאַנג,
אויף אייביק.

LIX

פֿאַר יעדן פּיצל ליכט וואָס איר דערזעט,
בלייבן טויזנט זונען אייך פֿאַרבאָרגן;
בלינדע אינעם שיין פֿון טאָג
לעכצט איר: ליכט! נאָך ליכט! נאָך שטראַלן!

נאָך שטראַלן און נאָך זון? צו וואָס?
פֿרעגט דער גוף — דאָס קען דען נערן?
צו פֿיל זון פֿאַרברענט מיין ווייץ
און צו פֿיל ליכט איז שלעכט פֿאַר מיינע אויגן!

אָבער די נשמה ווייסט,
אַז פֿינצטערניש פֿון נאַכט איז טויט,
אַז נאָר אין ליכט באַווייזט זיך גאָט,
אַז גוף פֿאַרשווינדט, נשמה בלייבט
און מיט דער זון איז גוט אפֿילו שטאַרבן.

## LX

מיין וועג דאָ אויף דער ערד פאַרביי וועט אָן אַ סימן,
פון צייטן אָפּגעווישט, פאַרגעסן, אָפּגעמעקט,
ווי דער פלי פון בינען גאָלדענע אין ווינט,
דער זילבערשווים פון פיש אין פליסנדיקן וואַסער.

וואָס זענען מיר דאָ אויף דער וועלט?
פון שטאָף אַ צופאַל, אַ קאַפּריז,
אַ שטויב, אַ זוים וואָס טרעפט דאָ ערד און בליט
צי פאַלט דאָ אויף אַ שטיין און טריקנט.

טראַכטן? דענקען? האָפן? גלויבן?
קליין דאָס האַרץ און גרויס אַזוי דער צער!
האָט אויסגעווײלט אונדז גאָט צי טייוול,
דעם סוד פון אונדזער זיין אין אונדז אַליין צו זוכן,
די גריים פון ווערק וואָס רופט זיך „לעבן“ צו פאַרשטיין,
די פיין פון טויט און שטאַרבן פאַרצופילן
און אונדזער אומבאַהאָלפנקייט נאָר צו באַגרייפן,
אונדזער נישטיקייט צו זען?

מיין וועג דאָ אויף דער ערד פֿאַרביי וועט אָן אַ סימן,
ווי טריט אין זאַמד, פֿון ים פֿאַרשוווענקט,
אַ בלומען־אָטעם אין דער נאַכט פֿאַרלוירן,
ווי קיין מאָל ניט געליבט,
ווי קיין מאָל ניט געליטן,
ווי קיין מאָל ניט געוועזן.

LXI

ווי אין טונקעלן, געהיימען קלויסטער
אַ שטילער אָרגל,
שפּילט דער ווינט אין גרינס וואָס וויגט זיך
איבער שטאַמען, קאָלאָנאַדן נאָנט און ווייט.
אויבן פאַרבט די זון אַ שפּיץ פון בוים
און שטיקלעך הימל לאָזן דורך אַ שטראַל
געפאַרבט ווי דורך קאָלירטע שויבן.

ש-ש-ש-ש-ש!
שווייגט און האָרכט:
ווער רוישט, ווער ציטערט אינעם גראָז?
עמעץ זאָגט אַ שטיל געבעט,
עמעץ טרוימט אַ גרינעם חלום.
דער מינדסטער טריט פאַרשוועכט די גרינע הייליקייט —

דער פויגל אויף אַ צווייג,
דער זילבערמאָך, אַ שוואָם,
און מסתמא מאַנדלאויגן פון אַ סאַרנע
וואָס קוקן ווי דערשראָקן און דערשטוינט:
ווער קומט עס שטערן דאָ אין וואַלד די רו?
דער ווינט
ווי אַ שטילער אָרגל
שפּילט סעבאַסטיאַן באַך צי צעזאַר פראַנק
און עמעץ שעפּטשעט זיין געהיימע תּפילה.

## LXII

יעדער קנייטש אין שטערן —
אַ צייכן אינעם לעבנסבוך;
יעדע גראָע האָר —
אַ טרויעריקע מעשה.
איך באַטראַכט דיך, פריינד,
און לייכט
לעז איך אַלץ, פאַרשטיי אָן ווערטער.

שווייג, מײַן טייערער,
דײַן אויג איז פייכט;
איך אַליין —
מײַן בליק איז אַ פאַרטרערטער.
כ'ווייס, איך ווייס:
איך זע אין דיר מײַן אייגן לעבן.

## LXIII

דער אָוונט מאָלט מיט צאַרטע הענט
אויף גאָלד די גראָע ווענט,
ביימערשפּיצן, דעכער
און העכער, העכער —
קנוילן ווייסע וואָלקנדלעך אויף ראָז,
אַ צלם אויף אַ קלויסטערשפּיץ,
אַ שויבנגלאַנץ צעגליט,
אַ פייערשפּריץ —
און אויסגעגאַנגען איז דער זומערטאָג,
פאַרשווינדט אין שטויב אויף ווייטע וועגן,
פאַרקלונגען אין אַן אָוונט־תּפילה־קלאַנג.
אַ ווייסע טויב נאָר פלאַטערט, פלאַטערט
אויבן אין דער בלאָער הייך
און נידערט מיד
אין קומענדיקן שטילן אָוונט.

אַ ווייטע שטימע זינגט אַן אומעטליד.

## LXIV

ליגן גרייט
דאָס מעל, די הייוון,
די פּוטער און דער צוקער,
די ראָזשינקעס אפילו מיט די מאַנדלען —
און דער אויוון שטייט
וואַרעם אָנגעהייצט און וואַרט,
ווי קינדערמיילער גרייט צו סמאַקעווען און קייען.

און ס'פעלט די האַנט די גוטע
פון אַ שוועסטער, פון אַ מאַמען,
וואָס זאָל נעמען אַלץ צוזאַמען
און מאַכן פון דעם אַלעמען
אַ קוכן...

גליק איז אַזוי איינפאַך
און אַלץ איז גרייט, וואָס מאַכט עס;
נאָר עס פעלט די האַנט
פון אַ שוועסטער, פון אַ טרייער מאַמען.

אוי הונגעריקע קינדערלעך, יתומימלעך,
וואָס מיר זענען אַלע!

## LXV

האָט אַ שוואַרצע האַנט אַריינגעשטאָכן
אַ פינצטער מעסער
אין דער רויטער גלאַנציקער לבנה.
טראָפּנס רויטלעך זילבערשיין
טריפן אויף אַ כמאַרע־שטיק
און מיט פּחד טראָגט אַ קילער ווינט
אַ געהיימען זיפץ פון פּיין
צו מכשפות פינצטערע אַוועק —

וואָס איז געשען? וואָס איז געשען?
קיינער ווייסט ניט,
קיינער ווייסט ניט!

נאָר אויף דעכער ערגעץ אין געהיימער נאַכט
האָט אַ שוואַרצע קאַץ צעיאָמערט זיך פון שרעק.
אַ לאָדן קלאַפּט אין פענצטער נאָך אַנאַנד,
אין פענצטער נאָך אַנאַנד.

שלים די אויגן, קינד מיינס!
די מאַמע דיינע וואַכט,
די מאַמע דיינע וואַכט!

## LXVI

אין יומטוב־כאָר פון זונענאויפגאנגס־פרייד
קלינגען טענער פון דער נאָנטער אָוונטצייט,
קלינגען אומעטיק געהיים די זעלבע קלאנגען
מיט טרויער פון די נאָנטע זונפארגאנגען,
ווי עפעס וואָלט צייטווייליקייט געקענט,
ווי עפעס וואָלט דעם סוף פון אַלץ געוואוסט.
אַ שאָטן זעט דאָס אויג אין זונענבלענד
און ס׳פילט דאָס אַלץ פאָרויס דאָס האַרץ אין ברוסט.

לעבנספרייד — און יומטוב פון דער ערד
איז דיר זאָרגלאָז גליק געניסן ניט באַשערט!

## LXVII

וואַרטן וועלטן גאַנצע, שוין באַשאַפענע,
און באַגריפן, און געפילן
וואַרטן, וואַרטן אויף אַ נאָמען,
ווי נשמות אויף אַ גוף,
צו אַנטפּלעקן זיך דעם מענטש.

יענער איז אַ לאַנגזאַמער, אַ קריכער,
פֿויל אַ ביסל, מיד דערצו,
און דער מוח פּיצלדיק אַזוי —
ער קומט ניט אָן, דער נעבעך.

און דאָ וואַרטן וועלטן,
בייטן פֿאָרמען טויזנט מאָל אין יעדער רגע
און טרויערן פֿון נאָך ניט זיין אַנטפּלעקט —
וואַרטן אויף אַ נאָמען.

## LXVIII

טראַכט דער נייער מאָרגן, רויזיק־גאָלד:
כ׳וואָלט ברענגען גליק דער גאַנצער וועלט געוואָלט!
און איך בין נאָר באַגריף פון צייט און לער,
אַ פאַרבנשפיל פאַר אויגנבליק, ניט מער...

טרייסט אַ מלאך: מאָרגנזון, דערשיין!
גליק קען נאָר באַשאַפן זיך אַליין!
דו ביסט די פאָרם. דיך אָנצופילן, צייט —
וואָס עמעץ וויל, האָט ער שוין לאַנג דאָס גרייט.

## LXIX

ביי מיר אין צימער שפּרייטן זיך די ברייטסטע האָריזאָנטן
און פילן אָן מיט גרוימער ווייטקייט מיין געמיט;
כ׳בין אַ פויגל וועלכער טראָגט מיט זיך זיין הימל,
כ׳בין ווי אַ זון וואָס טראָגט אין זיך איר רוים.
און איר אַלע,
איינגעשלאָסן אין אייער ענגן דרויסן,
באַדויערט ניט מיין תפיסה!
מיינע ווענט —
זענען דין ווי גלאָז פאַר מיין נשמה.
ווי זונענשטראַלן דרינגען מיינע טרוימען דורך זיי.
מיין פרייע גרויסע וועלט —
זי איז אין מיר.

## LXX

אין יעדן טראָפּן ליגט פֿאַרבאָרגן
די פּראַכט פֿון גאַנצן ים.
ווילסטו, קענסטו עס דערזען
און יעדנפֿאַלס דערפֿילן —
איז ים פֿון טראָפּנס ניט באַשאַפֿן?

אין יעדן טראָפּן ליגט פֿאַרבאָרגן
די פּראַכט פֿון גאַנצן ים.
אַ נאָמען איז נאָר ים, קאָנווענציאָנעל —
זיין איינגנשאַפֿט ליגט אין די טראָפּנס —
איז ער דען ניט, נאָר ווייל זיי זענען?

אין יעדן טראָפּן ליגט פֿאַרבאָרגן
די פּראַכט פֿון גאַנצן ים —
זיין שטורעם אין זיין חלק הימל אָפּגעשפּיגלט,
זיין פּיצל גלאַנץ פֿון זון, לבֿנה, שטערן,
זיין מילדער גלעט און זיין צעשוימטע קראַפֿט.

און דו, מענטש,
ביסטו ניט דער טראָפּן
אין דעם ים —
די מענטשהייט?

## LXXI

איך האָב געפּרואווט פון מיר אַליין אַנטלויפן,
ווי אַ שלאַנג וואָס בייט איר הויט,
פאַרלאָזן אַלץ וואָס דריקט מיין גוף,
און לייכט, באַפרייט, מיין גליק געפינען.

איך האָב געפּרואווט פון מיר אַליין אַנטלויפן
און עמעץ האָט ביי מיר, אין מיר געלאַכט:
ווער ביסטו? דער וואָס קלעמט דיין לייב פון דרויסן
צי דער וואָס פּרואווט אין דיר זיך צו באַפרייען?

LXXII

אויף דיינע ליפּן, טייערע
— אַ מזבח, ווי אַ בלום פון בלוט —
ברענג איך ווי אַ צאַפּלדיקע טויב
מיין קוש —
אַ קרבן.
אין הייסן פלאַם פאַרברענט
און פילנדיק דאָס גליק פון שטאַרבן,
פון אויסגיין אינעם ריח פון דיין אָטעם,
בענטשט ער גאָט מיט טויזנט ברכות
פאַר דעם זיסן טויט.

ווי בין איך אים מקנא!

## LXXIII

זיי מיר מוחל, וועלט,
זיי מיר מוחל, ערד,
וואָס כ׳בין ניט פולקום שיין,
ווי דו, דו ביסט עס ווערט
אויך דיין קינד זאָל זיין.

דו האָסט די שיינקייט מיר געגעבן —
פאַרקריפּלט האָט מיך ס׳לעבן.
ס׳איז ניט מיין שולד!
ס׳איז ניט מיין שולד!

## LXXIV

ס'וועט זיין אַ טאָג ווי אַלע טעג,
אַ באַגינען מיט אַ מאָרגן,
מיטאָגצייט, פֿאַרנאַכט און אָוונט.
צעוויקלען זיך אין פֿאַרבן וועט די וועלט,
באַלויכטן פֿון אַ בלאָנדער זון,
און אָפּגעזעגנט מיט אַ גאָלדנעם זיי־געזונט
פֿאַרשווינדן אין דער אייביקייט פֿון צייטן.
אַ טאָג
ווי נעכטן
און ווי מאָרגן —
נאָר דו וועסט אויסגיין,
אויפֿהערן צו לעבן...
גרילצן וועט אַ שטריק, וואָס וועט דיין קאַסטן
אַרונטערלאָזן אינעם גרוב;
אַ ביסל זאַמד, אַ זיפֿץ, אַ טרער —
און גאָרניט.
אַט געווען און ניט געווען.
אַ טאָג ווי אַלע טעג —
ניט מער.

## LXXV

ווי אייך, צאַרטע בלימעלעך
אויף אונדזער וועג.
אין בלאָע נעכט, אין גאָלדענע פרימאָרגנס
האָט איר געבליט
און אייער בלומען־ווייסקייט אינעם טוי געלייטערט.

ווי אייך, צאַרטע בלימעלעך
אויף אונדזער וועג.
נאָנט זענט איר אונדזער האַרץ,
ווי אַלץ, וואָס לעבט און בליט —
דאָך אָן רחמים, מיט געאײַלטע טריט
מיר טרעטן אייך מיט טרערן אין די אויגן,
אַליין פון טויט געיאָגט,
פאָרויס, פאָרויס —
דאָס איז אונדזערער
ווי אייער גורל.

## LXXVI

דיין נשמה זיין װעט װי אַ קעניג
און דיין קערפּער זיין װעט װי אַ שקלאַף.
טראָגן װעסטו אויף דיין קאָפּ אַ קרוין,
אַן אָרעאָל פון ליכטיקע געדאַנקען —
נאָר שלעפּן װעסטו קייטן אויף די פיס
און קושן װעט דיין מויל די בייטש װאָס װעט דיך שמייסן.
ביידע אָבער װעט איר זיין געבונדן איינער צו דעם צװייטן
און קיינער ניט, אַחוץ דעם טויט,
װעט אייך צעשיידן.

זאָל עס זיין די קללה פאַר דעם מענטש,
דעם פאַרטריבענעם פון ערדישן גן־עדן?

## LXXVII

די זון פאַרגייט אין נעפּלדיקן גלאַנץ —
ס׳איז רויז און שטיל;
פון ווייטן שטויבט זיך גאָלדיק אויפן וועג,
דער פאַסטוך טרייבט אַהיים די מידע שאָף.
ווייטע פעלדער הילן זיך אין שאָטנס
און שלאָפן איין.
אַ ווייטער גלאָקנקלאַנג,
דערשראָקן פאַר דער שטילקייט,
לויפט באַהאַלטן זיך אין בלאָען וואַלד
און פאַרפאַלט —

אַלץ ציט אַהיים:
דעם פויגל אין זיין נעסט,
דעם מאַן וואָס שפּאַנט דאָרט צו זיין הויז,
דעם שוואַרצן הונט אפילו צו זיין הויף.
די ביימער, אויסגעשטעלט אין לאַנגע שורות,
טוליען אַלע בלעטעלעך צונויף —
אַהיים! אַהיים!

נאָר איך אַליין,
אין מיטן פֿונעם פֿרעמדן וועג,
בלייב שטיין,
איינזאַם מיט דער נאַכט וואָס קומט.

## LXXVIII

ווער ווייסט —
אין טומל פֿונעם מאַרק,
אין קנויל פֿון אַלע די וואָס קומען, גייען,
מענטשן איינפֿאַכע מיט פּנימער ווי אַלע,
מיט אומעט צי מיט שמייכלען אינעם בליק,
אין די קליידער פֿון טאָג־טעגלעך לעבן,
איילנדיק אַהין, אַהער,
דער מיט זיין פּעקל שווער באַלאָדן,
דער מיט לערע הענט;

אין טומל פֿונעם מאַרק —
ווער ווייסט,
וויפֿל צווישן אָט די אַלע לייט פֿאַרשמייעט
וואָגלען אָדער בלאָנדזשען סתם —
מלאכים,
מיט די פֿליגל אונטער פּראָסטע מאַרינאַרקעס
זאָרגפֿעליק באַהאַלטן.

וואָס קומען זיי דאָ טאָן צווישן אונדז?
פון וועלכן גאָט געשיקט, פון וועלכן הימל?
וואָס טראַכטן זיי? פון וועמען?
וואו איז זייער געדאַנק,
ווען זיי באַוועגן זיך אין טומלדיקן קנויל?

ווער קען עס וויסן, פריינד,
ווער עס איז באַהאַלטן אונטער קליידער,
וואָס אַזוינס קען טליען אין די אויגן,
וואָס אַזוינס קען ליגן אויף די ליפּן
פון דעם פּראָסטן מענטש, וואָס גייט
נעבן דיר פאַרביי אין גאַס?...

## LXXIX

דער שטאָף זאָגט: איך בין אַלץ;
פאָרם אָן מיר — איז אַן אַבסורד,
און קראַפט איז נאָר מיין אויסדרוק.

זאָגט די פאָרם: דו ביסט גערעכט;
נאָר דאָס, וואָס דו מיינסט זיין, בין איך.

זיין! דערצו מוז מען שוין האָבן ווילן;
ווי קען ווילן זיין אָן קראַפט?
ווי איר זעט, בין איך דער עיקר.

און דער באַשעפער שמייכלט:
איר זענט
בלויז אַ דרייפאַכיקער עכאָ
פון עפּעס וואָס איז אומבאַקאַנט אייך אַלע;
איר זענט נאָר די דערשיינונג פאַרן חוש פון מענטש.
אייך באַגרייפן קען איך גאָט אַליין נאָר.

## LXXX

האָט אַ שוואַרצע קראָ — דער טרויער —
אין טויבנשלאַק זיך פון מיין פרייד אַריינגעקריגן
און אויסגעפּיקט די בלאָע אויגן
און צעבלוטיקט צאַרטע ווייסע העלדזער
פון מיינע טויבן־טרוימען.
ווי‌סטער גאַסט!
אין דרויסן שיינט און בלאָט זיך,
בלאָנדע קינדער לאַכן קלאָר און מונטער.
וואָס זשע פאַר אַ שטומע לידער
ברומסטו, אומעט, אין מיין האַרץ?

## LXXXI

אַ בלאָער הימל איז אַראָפּגעפאַלן
און צעלייגט זיך אינעם מיטן פעלד;
עס שפּיגלט זיך אין אים די גאַנצע וועלט
און די זון מיט אַלע אירע שטראַלן.

דאָס שיפל ביי דעם ברעג געבונדן
רופט: זע, ווי לייכט די טויבן ווימלען!
קום, מיר וועלן פון דער ערד פאַרשווינדן
און פלאַטערן ווי זיי צווישןביידע הימלען!

## LXXXII

חלומות צאַרטע, לייכטע ווי די זייפנבלאָזן,
וואָס שוועבן, קוים באַוועגטע, אינעם אָטעם פון פאַרנאַכט
און שפּילן, אָפּגעשפּיגלטע אין ראָז און בלאָ און גאָלד,
אַ מיראַזש פאַר אונדזער גייסטיק אויג,
ווען די וואָרע אויגן זענען האַלב געשלאָסן.

ריר ניט מיט קיין פינגער!
שוויַיג און וועק ניט!
לאָז דעם אָוונטצויבער ווירקן.
אַלץ איז ווי פאַרפום וואָס קוים מען פילט,
צאַרט און אַזוי לייכט.
אַן איינציקע באַוועגונג —
און צערונען ווערט אַלץ אינעם נעפל.

## LXXXIII

ווען דאָס אַלץ וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער שטילקייט,
וואָלט זיך אויסדריקן געקענט —
וואָס פאַר אַ וואונדערלעך געזאַנג וואָלט דאָס געווען!

דאָס געזאַנג וואָס האָט שוין לאַנג געזונגען,
דאָס געזאַנג וואָס איז נאָך ניט געווען,
און דאָס וואָס האָט קיין פאָרם נאָך ניט געפונען.

ווען דאָס אַלץ וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער שטילקייט,
וואָלט זיך אויסדריקן געקענט —
וואָס פאַר אַ וואונדערלעך געזאַנג וואָלט דאָס געווען!

זענען ניט געזאַנגען אויסגעגאַנגען שטומערהייט,
ניט האָבנדיק געפונען ליפּן זיי צו זינגען?
זיי וואָלטן אפשר איינגעוויגט אונדז און געטרייסט.

ווען דאָס אַלץ וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין דער שטילקייט,
וואָלט זיך אויסדריקן געקענט —
וואָס פאַר אַ וואונדערלעך געזאַנג וואָלט דאָס געווען!

## LXXXIV

א נאַכטווינט קעמט אַ שוואַרצן וואָלקן
מיט אַ קאַם פֿון גאָלד, צעגליט
אין שׂרפֿות פֿונעם זונפֿאַרגאַנג.
צוויטן, פֿינצטער, לאַנג,
ווי פֿאַרפֿלאָנטערט — לאָקן
פֿלאַטערן צעשפּרייט
איבער אַ העלן נאַקן,
ווי עמעץ וואָלט זיך וואָס געגרייט
מרה־שחורהדיק דערשראָקן
פֿון טאָג דעם קאָפּ
מיט אַ האַק פֿון פֿייַער אָפּצוהאַקן.

## LXXXV

ווילט זיך אָפּט אין גאַסנרויש, אין טומל,
וואו אַלץ איז ווי געיאָגט, פאַרשמייעט,
צוגיין אָט צום ערשטן בעסטן מענטש,
פאַרקוקן אים אין ד׳אויגן, אומעטיק און דרייסט,
אויף די אַקסל לייגן ביידע הענט
און טאָן אַ פרעג:

וואָס טוסטו דאָ? וואָס איז? אין מיטן העלן טאָג
אַזאַ מין אימפּעט! וועלכע זאָרג
קנייטשט אַזוי דעם שטערן? וואָס פאַר אַ געיעג?
פון וועמען און נאָך וועמען און צו וואָס?
ועסט זיך פאַרשפּעטיקן? מיט ניט־דערלעבטע שעה׳ן
וועסטו ניט אָנקומען פּונקט צו דער צייט
דאָרט, וואו דיר האָט אַ ראַנדעוואו באַשטימט
דער טויט? —

און נאָך אַזעלכע פראַגן ווילט זיך פרעגן.

אַט בלייב איך שטיין, אַט נעם איך עמעצן באַרירן,
עפן ס׳מויל —
„וואָס שטייסטו ווי אַ גולם? וועמען זוכסטו, ברודער?
פרעגט אַ פּאָליציאַנט. — און שטער ניט! ווייטער, ווייטער!
העי, דאָרט! זעסטו ניט דעם טראַמוואַי?
אַ בהמה — זיכער אַ פּראָווינצער!“

און איך בלייב פאַרשעמט.

## LXXXVI

כ׳האָב מיינס אַ טרער באַטראַכט אין מיקראָסקאָפּ.

מיין אויג פאַרלירנדיק האָט זי באַמערקט,
אַ פּערל, פאַלנדיק־אויף בלאָ געוואַנט —
מיין קלייד. די בלייכע האַנט
האָט ציטערנדיק ס׳פאַרגרעסער־גלאָז באַרירט —
ווי שיין איז זי געווען:
סימעטריש —
קעמערלעך קריסטאַליזירטער ווייטאָק,
האַרמאָניש סיי אין צייכן סיי אין בוי,
סיי אין שטאָף און סיי אין פאָרם;
און כ׳בין געוועזן גליקלעך,
וואָס מיין פּיין אפילו
קען זיך אויסדריקן אין שיינקייט.

## LXXXVII

האָט גאָט געפרעגט:
מיט וואָס זאָל איך פאַרבעסערן דיין גוף,
אדם מענטש?

נאָך דריי פאָר הענט! — אַרבעט אַזוי פיל פאַרהאַן!
איך קען ניט אָנקומען, באַשעפער!

נאָך דריי פאָר פיס! — אַנטלויפן!
אַנטלויפן פון דער וועלט מיט אַלע אירע זאָרגן!

נאָך אַ קול — צי צוויי! — זינגען!
זינגען און זיך זעלבסט באַגלייטן —
אַ כאָראַל אין האַלדז — ווי פּרעכטיק!

און איך, מיין גאָט, בין מוחל דיר דאָס גאַנצע לייב!
באַפריי מיין לייב פון קייטן־עול;
פלייש און בלוט
זיי מאַכן מיך פאַרשקלאַפט צום טויט!

## LXXXVIII

דער מאָרגן בעט דערשראָקן:

גאָט!
ווי זאָל איך זיך באַווייזן אויף דער וועלט?
אַלץ וואָס לעבט, וואַרט אומגעדולדיק אויף מיין קומען,
פון יעדנס האָפנונג איז פאָרוים די לאַסט מיר שווער —
און איך בין הויל, בין לער!
וואָס קען איך, צייט־פראַגמענט, אַבסטראַקטע זאַך,
שאַפן צי פאַרמאָגן
צו קענען עפּעס שענקען?

און גאָט שמייכלט:
אייביק נייער, אייביק יונגער און נאַיווער,
אייביק אויסגעטרוימטער און אומרואיקער ווי אַלץ,
וואָס איז נאָך יונג!
דערשיין ווי יעדן טאָג אין דיין געוועב פון פורפור און פון גאָלד!
אַ שטערן טראָגט די בשורה פון דיין קומען,
מיט טרערן וואַרטן אָפּ דיך אַלע בלומען,
אַלע הערצער קלאַפּן אָפטער מיט דיין בלויז דערשיינען,
אין יעדנס קעל דערוואַכט אַ ניי געזאַנג.

דערשיין אָן שרעק — וועסט קיינעם ניט אַנטווישן;
דאָס וואָס מען האָפט אין דיר געפינען,
טראָגט יעדער גרייט אין זיך פון נעכטן —
דו ביסט אַ תירוץ בלויז.
און דעם וואָס דו קענסט גאָרניט ברענגען,
וועט קיין זאַך בכלל ניט נוצן.
דער וואָס קען ניט טרוימען און פאַרלאַנגען,
קען אויך ניט די ווערט פון גאָב.

LXXXIX

און אַז די לייט — שוין ניט קיין קינדער,
דאָך נאָך ניט דערוואַקסענע צו הייסן גרויסע —
זענען אָנגעקומען אויף דעם אָרט
וואו ס׳קרייצן זיך די וועגן,
אַלע וועגן, פונעם מענטש פון דורות אויסגעטרעטענע —
האָבן זיי שוין קיינעם ניט געפונען
וואָס זאָל צייגן זיי די גוטע ריכטונג —
און דאָס וואָס איז געווען געשריבן
אויף די בלאָע ברעטלעך
האָבן ווינטן אָפּגעריבן,
צו די שפּראַך איז זיי געווען פרעמד.

און ווי שאָף פאַרלוירענע
אָן פּאַסטוך
און אָן הינט
געבליבן זענען זיי צערודערט,
באַלעסטיקטע מיט אומגעריכטער פרייהייט.

דאָס איז געווען דער אָנפאַנג
פונעם נייעם שלעכטס.

## XC

אין זיין פרילינג
האָט ער געפלאַנצט אַ רויז
און אויסגעשפּראָצט איז גאָר אַ דאָרן !
וויינט ער, זעענדיק די לוין
פון מי און האָפנונג...

עס קומט די נאַכט פון קילן האַרבסט.
ס׳האַרץ צעבלוטיקט,
ס׳אויג פאַרטרערט —
ער וואַרעמט, דריקנדיק אין זיינע יונגע אָרעמס,
דאָס אַנטוישטע ווערק,
פאַרוואונדעטע פונעם שאַרפן שטאָך,
און דאָך מיט ליבשאַפט ווי אַן אייגן קינד.

אין אַ זוניקן פרימאָרגן איז געשען אַ נס :
אַ רויטע רויז דעם דאָרן האָט באַקריינט
און ער איז טויט געלעגן איר צופיסנס.

## XCI

אַז משה, האָבנדיק באַפרייט דאָס שקלאַפנפאָלק,
האָט דערפילט דעם סוף פון זיינע טעג
(דעם ציל דערגרייכן פונעם וואַנדערן,
באַשערט איז שוין די פרייד אַן אַנדערן!):
„הייליק איז דיין ווילן, גאָט!“
אויסגערופן האָט ער; „פאָלק, איך שטאַרב אין וועג —
איך וועל אייך לאָזן מיינע צען געבאָט!“

צען געבאָט — אַן איינפאַך ווערק,
ווען עס לאָזן פעלקער, לענדער
ווענט, פאַפּירוסן און ספרים טויזנט בענדער!
צען געבאָט —
מיט פעדערן קיין פאַרמעט ניט געקיצלט,
מיט היראָגליפן קברים ניט פאַרשריבן.

ער איז אַוועק אין בערג,
אַליין,
זוכנדיק דעם צוגעפּאַסטן שטיין,
סיני׳ס פעלדז צעפּיצלט,
און נעמענדיק ביי גאָט אַ בליץ,
וואָרט נאָך וואָרט, קריץ נאָך קריץ,
לוחות צוויי געמאַכט — און דאָרט
אויף אייביקן גראַניט איז עס פאַרבליבן
דאָס געזעץ פון פעלקער פרייע,
וואָס רופט:
מענטש, זיי ניט מער קיין חיה!

XCII

טראַכט, מיין פריינד, פון יענער רגע,
ווען דו וועסט דערפילן, אַז עס איז געקומען;
עמעץ מיט אַ האַנט פון פראָסט און ביין
האָט דיינע אָנגענומען
און באַפוילן:
קום!
בליי צעגיסט זיך אין דיין לייב,
די גלידער זענען שוין ניט דיינע,
ס'האַרץ פאַמעלעך שטעלט זיך אָפּ,
ס'צאַנקט דאָס אויג.

און דעמאָלט מיט דעם לעצטן בליק
וועסטו די וועלט, דיין וועלט באַטראַכטן —
דיין שטוב,
דיין פענצטער מיט דעם דרויסן,
און דאָס אַלץ, די אַלע וואָס דיר זענען נאָנט.

וויפל ליבשאַפט וועסטו צו זיי פילן,
אַלץ דאָס צו פאַרלאָזן אין דער רגע!

ווי וועסטו באַדויערן
די טעג פון ניט־געגנאָסן לעבן,
פון ניט געזען די בלום וואָס בליט,
דעם הימלס בלאָקייט, זונענשיין,
די ניט־געדריקטע האַנט פון חבר,
די ניט־געקושטע ליפּן אין אַ שעה פון רוגז,
דאָס שלעכטס וואָס האָסט געטאָן אומזיסט —
דאָס אַלץ וועט ווי אַ בליץ אַ לייכט טאָן אין דיין מוח
מיט פאַרשפּעטיקטער חרטה. —

טראַכט דערפון, מיין פריינד,
און פאַרגעס ניט,
אַז די רגע איז פליייכט אָט די,
ווען איך שרייב דאָס אויף פאַר מיר,
ווען דו לעזט עס, פריינד, פאַר דיר.

XCIII

ווי קומען זיי צו מיר,
צו מיינע שוואַכע אָרעמס צוגעוואַקסן,
די אָדלערפליגל מעכטיקע און ברייטע
וואָס פילן אָן מיט מוט און קראַפט
מיין מוח און מיין האַרץ?

איך — אַזוי שוואַך און קליין — בין גרייט
אין די אומבאַקאַנטע הייכן זיך צו לאָזן!
גרייכן דרייסט
הימלען, געטער, זון און שטערן,
טראָץ די אַלע ווינטן, אַלע שטורעמס
און טראָץ אַלץ וואָס וויטיקט אין מיין לייב!

ווי קומען זיי צו מיר,
די פליגל מעכטיקע
מיט דער קראַפט פון פאָכן
וואָס פאַסן פאַר אַן אָדלער
און פאַר אַ מלאך מיט דעם צאַרטן ריר?

## XCIV

אַן אַלטע ליד, געזונגען אין דער נאַכט
ערגעץ פון דער פינצטערניש געקומען —
און אַלטע בילדער האָבן אויפגעוואַכט,
זכרונות, קלאַנגען, זיסע שטימען.

די אַלטע היים, דער אייביק גרינער וואַלד,
דאָס אַלטע הויז, זיין ווייס געקאַלכטער קוימען,
דאָס גערטנדל, אין מאַי מיט בעז צעבליט,
דאָס גרינע פעלד, דאָס ווייטע פעלד אָן צוימען.

די אַלטע שטוב, דער היימישער געשמאַק
פון יומטוב-טעג, פון היימישע געריכטן,
די גריל אין די געהייצטע חשוון-נעכט,
דער אַלטער גוטער באָבעשים געשיכטן.

די אַלטע ליד, וואו האָב איך זי געהערט?
אַ קאַטערינקע פלעגט אין הויף זי שפּילן;
פערציק יאָר — און פּלוצלינג זיך דערמאַנט!
עפּעס קען אין האַרצן זיך ניט שטילן.

XCV

אין נעפּלען פון אַ האַשיש־צויבער בלאָ און שוואַרץ
קומען ווערטער ווי געקליבענע מיט ווייסע פינגער,
פון עמעצן פאַרלוירענע, געפּליסטערטע
און קוים דערהערטע —
הילן איין די חושים־וועלט.
ווייס און רויט און גאָלד
און נייע אומבאַקאַנטע נאָך ניואַנסן
וואַכן אויף אין דימיון, ווי ביז איצט געדרימלט.

עפנט זיך אַ פּעכער געל, וויאָלעט און פּאַרם,
און שרייט אַ דיסאָנאַנץ,
רייצט ווי מיט אַ מעסערשפּיץ דאָס אויג —
ביז לאַנגזאַם, לאַנגזאַם קומט אַ בלאַסער שיין
און ענדערט אַלע פאַרבן אין אַ ניי געזאַנג.

ווי אַ באַלעט פון שלייערן און טיול,
הילן זיך אין קוים געזעענע וואָלקן,
ווייס און הימלבלאָ —
רויט און ראָז —

גאָלד און בלייך לבנה־גלאַנץ,
וויאָלעט און געל און פאַרם
העפטן זיך צוזאַמען אין אַ פּאָספּאַרשיין.
און ווערטער קומען, ווי געפּליסטערטע פון עמעצן אין חלום,
פאַלן מיט אַ קלאַנג פון ווייך מעטאַל,
טרייסטן אַזוי ליב און מילד —
ווי קושן צאַרט פון ליפּן אומגעזעענע
אין בלאָע פרילינגס־נעכט
ווען מען שליסט די אויגן.

וועמענס איז עס דאָס געזאַנג?
אַ ליד מיט פליטנטענער צאַרטע, שטילע —
דאָ אַ הימן און דאָ אַ תפילה.

XCVI

איז עס שטאָף? — נו נעם, מיין קינד,
איין ברעג אַזוי אין שלייף, פאַרבינד,
אויף אַקסלען טו אַ וואָרף, דראַפּיר —
ווי עלעגאַנט עס פאַלט אויף דיר!

איז עס פאַרב? — דעם פּענדזל לאָז
זיך איינזאַפּן ווי מיט געטראַנק
און דרייסט אין פאַרביקן היפּנאָז
אויף פלאַכקייט שפּרייט דיין טיף געזאַנג.

איז עס שטיין? — אַ האַמער נעם,
דיין ווילן מעסערט און באַפעלט,
באַפרייט די פּראַכט, אין צוים געקוועלט,
וואַרפט אָפּ וואָס איבעריק איז אין קלעם.

איז עס רוים? — מיט פליגל דרייסט,
אין שטייגן גרייך נאָר הויך, דו גייסט;
איז ליידן דויער — זיי דו צייט —
דו בלייב, ווען אַלץ וואָס איז פאַרגייט.

## XCVII

אַ טירן־שפּאַלט האָט זיך קוים, קוים
געעפנט פאַר מיין אויג אין טרוים
און נייע ווירקלעכקייטן האָבן זיך אַנטפּלעקט;
עמעץ האָט געשושקעט: כ'בין עס דער, וואָס וועקט
פון דעם לעבן אייער שלאָף
צו אַ ניי באַגרייפן אויף —
וואָס? — מיין קול דיך שרעקט?

און איך דערזע...! — מיין האַרץ, ניט שלאָג! —
נאַכט, פאַרשווינד! קום ווידער, טאָג!
און טאָג קומט אָן מיט ליכט און זון,
מיט בענקשאַפט טראַכט דער גייסט דערפון,
וואָס טרוים מיט אימה האָט אַנטדעקט,
אַ נייע ווירקלעכקייט אַנטפּלעקט,
אַ נייע וועלט, וואָס איז אין מיר —
קום נאַכט, און עפן ברייט די טיר!

XCVIII

טויזנט טירן פירן צו דיין גליק
און זייער שליסל איז אַ שפּרוך
וואָס ליגט אויף דיינע ליפּן;
וויל נאָר —
און זיי עפענען אַליין זיך אויף.

טראַכט:
ניט פאַרטריבן פון גן־עדן איז דער מענטש —
ער איז נאָר בלינד און זעט אים ניט!

XCIX

מיין ליד אין קורצע שורות ליגט געפאנגען,
געבונדן צום פּאפּיר,
און רייסט זיך ווי אַ פויגל פון זיין שטייג
צו ווייטע ברייטע רוימען.
צו מיר, איר אַלע יונגע ברוסטן
וואָס טעמען מיט יוגנט און מיט קראַפט!
צו מיר, איר אַלע יונגע שטימען
וואָס וועקן עכאָס אין די בערג!
מיין ליד, מיין פרייע ליד
פאַרלאָזן וועט די נעסט פון איירע ליפּן
און טראָגן זיך — אַ גרוס פון פרייהייט און פון נייעם לעבן —
אין גרויסן אומגעהייער פון דער וועלט.

C

און אפשר
זיצט אַ גאָט און שמייכלט,
באַטראַכטנדיק דעם מענטשנקנויל,
צעשפּרייט, צעוואָרפן און צעקראָכן
איבער דער אויבערפלאַך פון אַ פּלאַנעט,
פאַר אים אַן אַרבעסל די גרייס,
דאָס רודערן, דאָס זוכן און דאָס גריבלען זיך,
דאָס וועלן און דאָס דראָען —
אָט ווי עמעצער באַטראַכט
מיקראָבן אין אַ גלעזל
וואָס ער קען
דאָ לאָזן מערן זיך און זיין
און דאָ פאַרניכטן מיט אַ שמייכל.

## CI

ווייסן,
אַז אין יענער קראַפּט
וואָס האָט אין טאָל דעם פּעלדז געשליידערט
פון אונטער זיין יאָך אַ בלימל צו באַפרייען,
פאַראַן איז אויך מיין ריר, מיין פּיצל כוח —
ווי גוט איז דאָס צו פילן!

CII

דריי ברידער זענען זיי געווען
און איין מאָל האָט אַ מלאך זיך צו זיי באַוויזן
און זיי געזאָגט:
איר זענט יונג און ווילט זיין גליקלעך —
קוקט זשע אין דעם שפּיגל.
וואָס זעט איר דען אין אים?

און איינער האָט געזאָגט:
איך זע אַ וואונדערבאַרן פּאַלאַץ,
אַ פּרינצעסין מיט פּאַרטרוימטע אויגן
און אַ זיסן שמייכל אויף די שיינע ליפּן,
און אַ גאָרטן מיט צעבליטע בלומען,
פּירות צייטיקע אויף גרינע ביימער,
און פּאָנטאַנען זילבערן און פליסן,
פּאַוועס גאָלדענע און נאָך אַזעלכע וואונדער —
כ׳קען זיי ניט באַשרייבן.

איך זע נאָר מיך אַליין, מײַן פּנים —
זאָגט דער צווייטער.

און דו?

איך זע ניט גאָרניט! לײדיק איז דער שפּיגל!

גײ קויף דיר אַ פּאָר אָקסן מיט אַן אַקער!
דו װעסט דאָס נאָר זען, װאָס דײַנע הענט דיר װעלן שאַפֿן,
רופֿט זיך אַן דער מלאך.—
און דו װעסט לײדן אויף דער װעלט, מײַן זון,
װײַל קײנער ניט, חוץ דיר אַלײן,
װעט דיך ניט מערקן. —
און דו, מײַן יונגער פֿרײַנד,
ביסט אַ פּאָעט!
דער גן־עדן מיט זײַן גליק איז פֿאַר דיר אָפֿן!

CIII

צעטריבן אַלע גראָע נעפּלען האָט דער פרילינגסווינט
און אויסגעלייטערט קלאָר
בלאָט דער הימל אין זיין ליכטיקער מנוחה.
קאַלטע נעכט און שוואַרצע ווינטן —
אַלץ פאַרגעסן,
ווי גאָר ניט געווען.
ניי!
גרייט איז דער זעפיר
צו נייע זונענשמייכלען,
צום נייעם זונענגליק.

אויך מיר, דעם מענטש, אַ נייע צייט
האָט צעטריבן אַלע זאָרגן:
אויסגעלייטערט דאָס געמיט,
גרייט צו ניי געניסן,
גרייט צו נייער לעבנספרייד.

דאָך עס פעלט דאָס זאָרגלאָזע פאַרגעסן פונעם הימל —
ער האָט די אייביקייט פאַר זיך!
און איך?

CIV

אים האָט די גראָקייט פונעם ווינטער זיך דערעסן,
די מאָנאָטאָנישקייט פון נעפל און פון שניי
האָט זיין נשמה פון ארטיסט גערייצט.

האָט ער גלעזער־אויגן פאַרביקע געמאַכט זיך,
שויבן אין די פענצטער אויך געביטן,
און די וועלט איז אים דערשינען
נאָר לויט זיין פאַרלאַנג,
נאָר לויט זיין געמיט:
פאַרביקע סימפאָניעס, ליכט און גלאַנץ.

האָבן לייט געחוזקט:
ס'איז אַ פאַלשע וועלט!

אָבער ער האָט זיינס געטראַכט:
אויגן זענען סיי ווי סיי אַ פילטער,
לאָזן זען נאָר וואָס זיי קענען;
ווער קען זאָגן, אַז זיין וועלט איז וואָר?

און בכלל: וואָס איז די נפקא־מינא?

CV

געדאַנקען זענען ווי די פייגל,
ווי טויבן און ווי קראָען,
ווי שוואַלבן, נאַכטיגאַלן,
סאָוועס — זעלטן ווי די אָדלערס.
זיי קומען אומגעריכט פון ערגעץ
און פרואוון וואו צו נעסטן,
גרייכן אייער מוח, אָפּרוען אַ ווײַלע
אויף אַ צווייג: אַ חלום, אַ מחשבה.
האָרך, טייל ברענגען דיר אַ גרוס,
טייל אַ בשורה, טייל נאָר אַ געזאַנג.
דאָרט, פון וואו זיי קומען,
איז אַזאַ געהיימע וועלט
מיט אַזוי פיל סודות,
מיט אַזוי פיל פּראַכט!
זיי לאָזן דיר אַ מאָל אַן עכאָ אינעם האַרץ
און פליען ערגעץ וואו אַוועק,
אומגעריכט, פּונקט ווי געקומען.

## CVI

זומערפייגעלעך, פאַרבלאָנדזשעט אין אַ גאָרטן,
פלאַטערן מיר נאָך אַנאַנד;
בלומען רייצן בליענדיק און רופן,
און מיר — מיר קענען זיי ניט גרייכן,
ווי אַ כישוף וואָלט עס ניט דערלאָזט —

געמאַטערט פון באַגער,
פּילן נאָר דעם טעם פון ניט־דערגרייכטן נעקטאַר,
און מיר ווייסן:
קורץ איז אונדזער טאָג,
בלומען וועלקן מיט דער נאַכט,
לעבן וועלן מיר נאָר היינט, ניט מער!
און עמעץ חוזקט נאָך פון אונדז —
און דער עמעץ זיצט אין אונדז אַליין.

## CVII

ליכט! ליכט! דו ביסט מײַן אײנציקער באַגער!
נאָר אין דײַן העלקײט רואיק איז מײַן גײסט!
נאָר אין דײַן קלאָרקײט עטעם איך מיט רו!
אומבאַגרײַפלעך איז מיר גליק און פרײד
אָן דײַן אָרעאָל פון ליכטיקײט און שטראַלן,
זון, דו אײנציקער סימבאָל פון לעבן!

און אַז ליכט איז נאָר באַשאַפן אינעם אַפּל פון מײַן אויג —
און וועלט פון ווירקלעכקײט איז חושך?
שטאָק־פינצטערניש פאַרשלינגט דעם מענטשס נשמה,
פון וואַנען ער דערשײַנט אַ ווײַלע?...
גאָט אין הימל! זאָלן ליכט און טאָג פאַרגײן
צוזאַמען מיטן לעצטן פינטל פון מײַן אויג?

דער געדאַנק אפילו איז אַ שאָטן
אין מיטן העלסטן טאָג פון גאָלדנעם זומער.

## CVIII

עס איז פֿאַרפֿאַלן, מיין פריינד :
דיין יעדער טריט מוז טויטן גראָז און בלומען,
דיין יעדער ריר די סיבה זיין פון אומקום,
דיין יעדע רגע לעבן
הייסט טויט פֿאַר טויזנטע לעבנס.
ריים אוים די ווילדע פלאַנץ רחמנות
וואָס בליט ביי דיר אין האַרץ ;
אַ גרעסערער פון דיר דיין גורל האָט באַשטימט,
אַ שטרענגער, אפשר — אַ גערעכטער.
די גוטסקייט אין דיין מוח איז אַ שלאַנג
וואָס זוכט דיין האַרץ צו סמען.

CIX

אַלע רויזן האָבן דערנער —
ניט אַלע דערנער האָבן רויזן.

איז עס דעם דאָרנס שולד?
האָסט אַזוי לאַנג,
אַזוי אומזיסט
געוואַרט אויף רויזן —
זיי זענען ניט געקומען!
ניט ער האָט דיך גענאַרט,
דו האָסט מיט פּוסטער האָפנונג זיך פאַרבלענדט,
געבעטן ביי דעם דאָרן,
וואָס שענקען קען דיר נאָר די רויז.

איז עס דעם דאָרנס שולד?

CX

אויסטאָן ווי אַן אָפּגענוצט און קויטיק קלייד
דעם נעכטן פול מיט שוין געוועזענס —
און נאַקעט, ניי ווי פריש געבוירן,
אויפנעמען דעם היינט,
דעם נייעם היינט, גרייט צו געניסן,
אויסצופילן אים מיט נייעם לעבן,
נייער פרייד און נייער פּיין אפילו,
אָבער ניי —
דאָס הייסט, געלוינט צו זיין באַשאַפן,
זוכה זיין דעם נאָמען מענטש צו טראָגן.

קען זיין, דיין רויז פון היינט איז זוים פון נעכטן,
און זיכער טראָגט דיין פרוכט פון היינט
דעם קערן פון דיין שפּעטן מאָרגן —
מיר טאָרן אָבער דאָס ניט טראַכטן.

קען איין רגע אויסלעבן די גאַנצע אייביקייט?

CXI

מיין לעבן איז אַ לאַנג און טרויעריק געוועב,
איינטאָניק גראָ, מיט דאַרע פינגער
פונעם אַלטן וועבער אומעט
אויף זיין אַלטער וועבשטול מרה־שחורהדיק געוועבט.

ציט ער, שפרייט די פעדעם — מיינע טעג —
ביים בלאַסן שיין פון צאַנקנדיקע טרוימען,
ביי מיין פאַרלאָשן גליק,
מיט שטומען צער,
דערשלאָגן, מיד,
זינגענדיק דערביי
אַ מעלאַנכאָליש ליד.

זעלטן ווען אַ גלאַנץ, אַ קווייט,
און זעלטן ווען דער ריטם זיך בייט —
און מאַכט זיך ווען אַ רגע גליק צו פרייד,
וואו אַ פאָדעם גלאַנציק גאָלד
צי העלע זייד
קומט ווי נשתומם זיך אין זיינע פינגער צו דערזען,

פאַרלוירן ווערט עס אינעם פאַרבלאָזן געוועב,
פאַרלוירן אינעם פאַרבלאָזן געוואַנט,
און די וועבשטול קלאַפּט כסדר, מאָנאָטאָן,
און דער אַלטער אומעט זינגט זיין מעלאַנכאָליש ליד.
און מיין לעבן ציט זיך,
ציט זיך,
ציט !

## CXII

די פינצטערניש מיט לאַנגע שוואַרצע הענט
האָט אַלץ אַרומגענומען
און די וועלט ווי אַ פאַרלאָזטן יתום
צו דעם האַרצן צוגעדריקט.
עפּעס האָט באַוויינט דעם טאָג מיט קילע טרערן,
עפּעס האָט געשראָקן מיך... „אַליין!"

נאָר די נאַכט,
די אייביקע אין טרויער,
האָט געשושקעט שטיל אין אויער:
„וויין ניט, וויין ניט, קינד!
איך וועל דיך וויגן בלינדערהייט
און דו וועסט שלאָפן צוגעטוליעט צו מיין קאַלטער ברוסט.
דער טויט — ער איז מיין פריינד,
ער וועט דיך לאָזן טרוימען!"

## CXIII

עס טרעפט אַ מאָל
ביי נאַכט,
ווען בלאָע שטילקייט הערשט אויף וועלטן,
זיצט גאָט כביכול אויף אַ זילבערוואָלקן אָנגעלענט,
באַטראַכט דעם אוצר בלישטשענדיקע שטערן,
טראַכט און האָרכט:
ווײַנט ניט עמעץ?

יאָ — אַ גוטער מלאך
(פאַרהאַן אַזעלכע) ווײַנט:
טרערן ווי די פּערל
טריפן אויף די קלאָרע פליגל.
„רחמנות! האָב רחמנות, גאָט,
אויף די מענטשן,
אַלע מענטשן!
איז עס זייער שולד,
וואָס דו האָסט זיי אַזוי באַשאַפן,
שלעכט און אומבאַהאָלפן,
ווי זיי זענען נעבעך אַלע?"

CXIV

אין די קילע שאָטנס פון די גרינע וועלדער,
וואו פיצלעך בלאָער הימל הענגען אויף די צווייגן
און פיצלעך זונענגאָלד
וואַלגערן זיך אין גרינעם מאָך,
בלאָנדזשען זיי, די בלייכע מיידלעך פון דער שטאָט,
און זוכן אים, דעם לאַנג באַגערטן
פאַן.
מיט זיין ציגנבאָרד און פלינקע ציגנפיס,
מיט ממזרישע אויגן
שפילט ער אין באַהעלטעניש מיט זיי זיך
און פייפט אַ ניגון,
אַזאַ כישוף־ניגון וואָס צערייצט, צערייצט:

„בלייכע מיידלעך פון דער שטאָט,
פיבערדיקע אין די הייסע זומערנעכט,
וואָס זוכט איר דאָ אין וואַלד? סאַטירן
וואוינען דאָ ניט מער; זיי וואוינען שוין אין שטאָט —
זענען פיין ראַזירט און טראָגן פיינע קליידער,
זיי קושן עלעגאַנט די האַנט און טאַנצן סלאָו.“

נאָר בלייכע מיידלעך ווילן אַלץ דערפֿון ניט וויסן —
דעם אַלטן פֿאַן פֿון וואַלד,
אים זוכן זיי כסדר,
נאָך זיין פֿרעך געלעכטערל מיט מזרחישע אויגן
בענקען זיי מיט הייסע ליפּן
און אַ פֿיבערררייץ אין ברוסט.

CXV

איך בין אַ בלימעלע וואָס בליט באַשיידן
זיין בלומען־פרילינג ערגעץ וואו אין פעלד;
איין העלער שטראַל וואָס וואַרעמט מיך און גלעט,
איז ליבער מיר פון טויזנט זונען
וואָס פילן אָן מיט ליכט די גאַנצע וועלט,
ווען מיין חלק שיין איז ניט אין זיי.

זאָל איך פון גרינע פעלדער טראַכטן
און פּרוּוון מיט מיין אָרעמען באַציר
פלעכטן אויך דעם ריזנקראַנץ
וואָס רופט זיך וועלט און לעבן?
די וועלט איז אייביק, פריינד,
און ווען איך וועלק,
וועט קיינער אויך פאַר מיר ניט פוילן.

איך בין אַ בלימעלע אין גרויסן פעלד
און בלי מיין פרילינג מיר באַשיידן;
מיין פּיצל ערד, מיין טראָפּן טוי, מיין קליינער שטראַל —
און ס׳איבריקע איז זאָרג פאַר גרויסע געטער.

## CXVI

אין דער פינצטערניש פון קאַלטערווינטערנאַכט,
ערגעץ אין אַ ווינקל אויף זיין שטינקענדיקן שעניק,
צווישן לייז און ניט־געהובליעוועטע ברעטער,
האָט ער זיי געזונגען פון דער „היים“,
פון דער היים וואָס טראָגט אין גאַנצן ניט קיין נאָמען,
ניט פון קיין שטאָט,
ניט פון קיין לאַנד —
פון דער היים, וואָס יעדער פילט, אַז זי איז זיין.

„שטייען ליפּעס שמעקנדיקע גרינע
און באַשאָטענען אַן אַלטע באַנק;
זומער־אָוונט קומען דאָ געליבטע
קושן זיך ביים פויגלשן געזאַנג.

שויבן גלאַנצן גאָלדיק אין די פענצטער,
מאַמעס וואַרטן רואיק ביי דער שוועל,
טויבן וואָרקען, קינדער שפּילן זיך און שטיפן
און דער הימל בלאָט זיך ווייט און העל.

ליב איז — מיט צופרידענער מנוחה
נאָך דער אַרבעט אויפגערוימט און מיד —
חלומען געאַרעמט מיט זיין מיידל
ביי די פייגלס טרילנדיקער ליד.

מאָרגן איז אַ יום־טוב — קאַרוזעלעס
זענען פאַרביקע שוין אויפן מאַרק צעשטעלט;
ווילסטו ניט דעם רויש פון קאַטערינקעס,
וועלן מיר שפּאַצירן גיין אין פעלד.

אומעטום איז גרין און פול מיט קווייטן
און עס זינגט זיך עפּעס אַזוי לייכט
און די זון — אַ גוטע מאַמע — וואַרעמט...
וואָס זשע, אויגן מיינע, זענט איר פייכט?"

אָפּגעהאַקט געבליבן איז דאָס ליד,
עפּעס הייבט זיך קאָנוואולסיוו אַן אַקסל...
דאַכט זיך — עמעץ שלוכצט.

איינגעוויקלט אין די שוואַרצע קאָלדרעס
האָרכט די גאַנצע קאַמער שטום,
ליגט די קאַלטע פינצטערניש פאַרגליווערט.

ערגעץ וואו אין דרויסן
ציילט אַ זעלנער אויף דער וואַך די שווערע טריט.

## CXVII

שוויג שטיל —
דאָ אינעם גרינעם שאָטן
פוןביימערגרינס וואָס שפּיגלט זיך אין וואַסער,
האַלט דער ווינט דעם אָטעם איין
און וואַכט.
עפּעס דאָ געשעט אין גאָלדיקן פאַרנאַכט.
ערגעץ קלינגט אַ גלאָק אַן אָוונט־תּפילה.

און דאָ,
ווי נאָר די נאַכט וועט קומען,
וועלן טויזנטער, מיליאָנען פיל נשמות
פון בלומען אָפּגעבליטע, פליגעלעך און בינען
קומען פון אַן אומבאַקאַנטער וועלט,
פלאַטערן אויף ס׳ניי אַרום דעם נעפּלדיקן ברעג
און לעבן ווידער אָפּגעלעבטע פרילינגס.

פילסט דו ניט דעם ריח פון די בלומענגייסטער?
הערכסטו ניט דעם שאָרך פון צאַרטע פליגעלעך ווי זייד
פון זומערפייגעלעכס נשמות?

שווייג שטיל —
דאָ אינעם גרינעם שאָטן
וועט עפּעס וואָס געשען.

CXVIII

דאָס יונגע לייבנקינד,
עס שפּילט זיך קעציש —
דאָ שווער און אומגעלומפּערט, דאָ גראַציעז,
דאָ בויגיק־פלינק.
די אויגן — צוויי טאָפּאַזן,
די סאַמעטלאַפּעס גלאַטיק נאָך
און דאָס גרימאַסן־פּיסקל
שלעכטע אומבאַהאָלפנקייט
פון יונגן האָר נאָך אין די ווינדעלעך.
עס שפּילט זיך יונג־אומשולדיק —
דאָך
דו ווייסט, דאָ זאַמלט זיך אַ כוח,
עפּעס מישט זיך אינעם רויען לייב,
עס צייטיקט זיך רציחה,
דאָ שאַפט זיך אין צאָן און נעגל
בלינדער רייץ צו בלוט.
האָב דעם מוט:
טויט עס יונגערהייט!

CXIX

זון — באַלד שיינסטו אויף מיין קבר
גלייכגילטיק און אומפאַרענדערט
ווי אַ מאָל, ווען דיינע שטראַלן
האָבן העל מיין וויג געצירט.
ווי אַ מאָל, ווען רויט, געטונקען
אין קאַסקאַדן בלאָ און גאָלד,
האָסט דו פאַר נאַכט חלומות מיר געמאָלט,
מיט פּראַכט מיין לעבן אָנגעטרונקען.

איצט איז מיין קאָפּ שוין גראָ און מיד,
אויסגעזונגען איז מיין ליד;
די ערד איז פאַר מיין קערפּער אָפן.
און דו — ווי גאָרניט וואָלט געשען,
פרעמד מיין טויט — וועסט אויפגיין און פאַרגיין
און איך וועל פוילן אָדער אפשר שלאָפן.

CXX

גראָ דער קאָפּ, צו ערד געבויגן,
אַ קבר אינעם האַרץ און אויפן קאָפּ אַ קרוין —
אַ וואַנדערער, די פּלייצע מיט אַ פּאַק באַלאָדן,
שלעפּט זיך אויפן וועג;
דער טאָג איז העל, אין ימען שיין געבאָדן —
דאָך פינצטער זענען זיינע אויגן,
פול מיט אַנגסט און שרעק.

„וואוהין, וואוהין אַזוי אַ מידער?
אַ ווײילע זעץ זיך נאָר אַנידער!“
יענער שווייגט — דאָס טראָגט דער מענטש אַוועק
צום טויט דעם לעבנס לוין.

## CXXI

דער טומל פונעם טאָג —
אַן אַמאַלגאַם פון רויש און קלאַנגען,
רוף, געלעכטער, רעדער־קאָלער און געשריי —
איז געבליבן הענגען אין דער לופט,
וואו די זון איז נאָך פאַרגאַנגען,
פאַרגליווערט, שטום און פרעמד.

וואָס איז געשען? — פרעגט אין נעפּלשטויב און גאָלד
די שטילקייט בלאָ, דערשראָקן;
וואָס טאָן דען מיט אַזוי פיל קולות אין דער נאַכט?

„קום מיט אונדז אין אומבאַקאַנטע ווייטן,
וואַנדערן אין אייביקייט פון צייטן,
דאָרט וואו קלאַנגען ווערן ניט פאַרלוירן —“
קלינגען פלוצלינג אומעטיק די אָוונטגלאָקן.
נאָר דער טומל פונעם טאָג
בלייבט אינעם רוים געפאַנגען,
ווי אַלץ וואָס בענקט און ציט צום אָרט, וואו ס'איז געבוירן,
הענגט
פאַרשמאַכט
און וואַכט.

CXXII

די קאַטערינקע מאָלט דעם ניגון
הייזעריק און מאָנאָטאָן;
דער בלינדער שפּילער מיט זיין לאָמען פוס
דרייט מעכאַניש מיט דער האַנט
און שטעלט זיך נאָר אַ ווײַלע אָפּ,
ווען עמעץ וואַרפט אין היטל אַ מטבע,
טרייסלט זיך: „אַ דאַנק!" דער גראָער קאָפּ
און מיט כוחות נייע
נאָך אַנאַנד
דרייען נעמט זיך די אַלט־בייגעדיקע האַנט.

די קאַטערינקע מאָלט דעם ניגון —
האַלב זונטיקדיק, האַלב וויסט די אָרמע גאַס;
און דער מאָטיוו, כאָטש אַזוי גוט באַקאַנט,
מאַכט גראָער נאָך די גראָע וואַנט,
וואָס קעגנאיבער מיינע שויבן —
מעלאַנכאָליש, אויבן
זוכט דער מידער בליק; —
אין בלאָער הייך, אין קרייז פון זונענגליק
פלאַטערן די ווייסע טויבן —
אפשר איז דערפאַר דאָ אומעטיק אַזוי.

## CXXIII

ניין! ניט אַלע גוטע שמייכלען,
אַלע גוטע בליקן
וואָס ליפּן, אויגן גוטע שענקען,
ווי מתנות ניט־געבעטענע,
דער גוטער צי דער שלעכטער וועלט,
דער זון, אַ ווינט, אַ וואָלקן,
אַ טראָפּן רעגן,
אַ גראָז, אַ בלום, אַ קעצל נעבן רינשטאָק,
אַ בעטלער צי אַ קינד,
צי זיך אַליין אין שפּיגל —
זיי גייען ניט פאַרלוירן,
זיי בלייבן, פריינד, זיי בלייבן,
זיי פילן אָן די וועלט
מיט דעם וואָס מאַכט זי ליכטיק,
מיט דעם וואָס מאַכט זי ווערט,
אַז לעבן זאָל זיך לוינען אויף דער ערד.

CXXIV

„וואו שוועבסטו, וואונדערלעכער מלאך,
מיט ווייסע פליגל אין דער שוואַרצער נאַכט?
וואָס קומסטו אין דער שטילקייט ברענגען,
וואו אויף תּליות לייבער פוילנדיקע הענגען?“

„דאָס קום איך, שליח פון מיין גאָט,
מיט ווייסע פליגל אין דער שוואַרצער נאַכט,
אַרעאָלן טראָג איך און אויך קרוינען,
נשמות ליידנדיקע צו באַלוינען.“

„גוטער מלאך, קומסט אומזיסט,
דאָס האַרץ צעפּלאַצט שווייגט אין דער ברוסט.
צו שפּעט די לוין נאָך אַלע שטראָפן!
זאָג גאָט, האָסט מער דעם מענטש שוין ניט געטראָפן.

גאָט האָט זיך פון אונדז דערווייטערט,
די וועלט, טראָץ פּיין, איז ניט געלייטערט,
עס וואַלגערט זיך דאָס הייליקסטע אין בלוט און קויט;
גיי זאָג דיין האַר: די וועלט איז טויט, ווייל מענטש איז טויט.“

## CXXV

געקושט פון ווינטלס מילדן בלאָז
אָן אַ פאַרוועןָ,
אָן אַ פאַרוואָס,
ליגן אָט אַזוי אין גריִנעם גראָז,
די גאַנצע לענג אַזוי אָט אויסגעצויגן,
ניט דרימלען און ניט שלאָפן,
ניט חלומען, ניט טראַכטן — אָפן
אָט אַזוי די מידע אויגן,
ווענדן אין דער בלאָקייט דעם דערשטוינטן בליק,
זען אַ וואָלקנקנויל — אַ זילבערשיף,
אַ פייגעלע זינגט, טובלט זיך אין בלאָער טיף,
האָרכן פליגעלעך און ווערעמלעך,
זשומען סתּם פון פרייד,
פאַרגעסן אָרט, פאַרגעסן צייט,
און פילן נאָר פון לעבן
דאָס רואיקע, דאָס שטילע גליק.

CXXVI

מײַן שיפל אינעם שטילן האַפן
טרוימט, געבונדן צו דער קייט,
געפאַנגען בײַ זײַן אַנקער —

אײביק װעט עס אים פאַרשעלטן:
„מיט זײַן האַרטן װילן, אײַנגעעקשנט,
קרעמפּט ער זיך אָן אַלץ װאָס איז סאָליד און זיכער!...“

מײַן שיפל אינעם שטילן האַפן
טרוימט געבונדן צו דער קייט,
ניט מוחל זײַן װעט עס דעם שטאָל.

די אַלע װײַטע הימלען װאָס מיר האָבן ניט געזען,
די אַלע װאונדערלענדער װאָס מיר האָבן ניט באַזוכט,
די אַלע װאונדערלידער פון סירענעס — און װער װײסט? —
פיליכט דאָס גליק, דאָס אײנציקע,
װאָס מיר האָבן ערגעץ װאו פאַרשפּעטיקט.

אַזוי זענען זיי שוין אַלע
שיפֿלעך אין די שטילע האַפֿנס —
אייביק וועלן זיי פֿאַרשעלטן אַנקערס.

און ניט טראַכטן פֿון די שטורעמס
און פֿילייכט פֿון טויט
וואָס זיי האָבן אפשר אויסגעמיטן.

CXXVII

רויטע ליפּן, ווייסע ציין —
מיידל, קענסט אין אַלע שפּראַכן
שמייכלען זיס צי שעלמיש לאַכן;
טויב און בלינד מוז עמעץ זיין
דיין שפּראַך ניט צו פאַרשטיין.

דו אַ פרעמדע? ניט פון דאַנען?
דו פון קיינעם ניט פאַרשטאַנען? —
מיט אַזעלכע בלאָע אויגן,
מיט אַזעלכע בלאָנדע האָר,
ס'קעפּל אָט אַזוי געבויגן —
מען פאַרשטייט דיך, אַלץ איז קלאָר.

ס'וועט דיך קיינער ניט פאַרטרייבן,
וועסט אַ היגע לייכט פאַרבלייבן.

CXXVIII

אין ווינטערנעכט
שוועבן גאָלדענע געדאַנקען אין דער נאַכט
ווי פייערדיקע בינען אין דער פינצטער
און ווײַלן אױם דעם מוח פונעם מענטש:
„דאָ וועט דער בינשטאָק זײַן.“
באַלד זשומט אַ בינענטאַנץ אין טרוים,
באַלד עפענען זיך קעמערלעך געהיים,
פון אומבאַקאַנטע בלומען
און זונענשײַן גענומען,
באַלד טריפן טראָפּנס האָניק זים און לויטער,
עס שאַפט זיך גליק און פרייד,
גאָלדענע חלומות קומען אויף,
אַ שמייכל שיינט אויף ליפּן —

און דער וואָס זעט דעם שלאָפנדיקן, טראַכט:
פאַר אים אַצינד איז זומער.

## CXXIX

איך האָב געזען צוויי הענט,
צוויי ריזנהענט: זיי האָבן מיר פארשטעלט מיין האָריזאָנט,
הענט שטאַרקע, מעכטיקע,
מיט דיקע פינגער ברייט געגעגלט,
ווי קנופּן פון מוסקולן אויסגעפלאָכטענע אין בויגיק שטאָל.
צוויי הענט פון אַן אַטלעט, אַ גרעבער צי אַ שמיד,
פאַרהאַרטעוועט פון האַלטן שווערע האַמערס, הייסע צוואַנגען,
געוואוינט צו בייגן אייזן,
ברעכן האַרט מעטאַל
צי רייסן קייטן.

איך האָב געזען צוויי הענט,
צוויי ריזנהענט.
אין זיי איז נאָר אַ בלימעלע געלעגן,
אַ קליינס, אַ בלאָס, אַ צאַרטס;
און די שטאַרקע הענט, די גראָבע פינגער
זענען שוואַך געווען, ווי אומבאַהאָלפן,
דאָס קליינע צאַרטע בלימעלע צו האַלטן.

CXXX

אין בלאָע נעפּלען איינגעהילט
די נאַכט מיט שטילע טריט
האָט ביז צו מיר זיך צוגעשלייכט,
אויף פענצטער בלאָע פאָרהאַנגען פאַרצויגן
און מילד
מיט ליפּן קילע שטיל געקושט די אויגן:
„שלאָף איין, מיין קינד, שלאָף איין!“ —
און איצט בין איך אַליין.

קומט, מלאכים פינצטערע צי קלאָרע!
באַלד קומט דער שלאָף
און ווי זילבערווייסע שאָף
טרייבט געדאַנקען פּיטערן אין וואונדער־רוימען,
וואו עס בליִען לייכטנדיק געהיימע טרוימען
און חלומות אפשר וואָרע
ביי לבנה־שיין און שטערנגלי —
ביז מאָרגן אין דער פרי.

CXXXI

אפילו דעמאָלט, ווען אין נייע רעגנס
דעם קאַלטן עטערס שטראָם פּאַרפּלייצן וועט די ערד,
וואַסער זיין וועט האַרטער דימענט
און אונדזער לופט ווי גלאָז
וועט גלאַנצן אין גראַניט —
מיט קלאָרן שיין אין אייביקייט געוואַרעמט
וועט שימערן אַ ליכטיקער געדאַנק
פאַר דעם וואָס וועט אים קענען זוכן
אין דעם געוועזענעם וואָס לאָזן וועט אַ זכר:
דעם מענטשנס גייסט אַ לויבגעזאַנג.

## CXXXII

גאָט זאָגט:
דו קרייז, באַשאַפענער אין צופאַל
פון שטיין, וואָס פאַלט אין שטילן וואַסער
און צעשפּרייט זיך נאָך אַנאַנד ביזן פאַרשווינדן,
קום ניט אויך באַוויינען דיין פאַרגיין!
ווי עפּעס אַ געשעעניש, ווי דאָס אַנטשטיין פון וועלטן,
איז דיין באַשאַפן דיר אַנטפּלעקט;
און דו געפינסט אויך, אַז דיין פאָרם
איז פולקום אין דיין איטלעכער באַוועגונג,
און וואונדערסט זיך, ביסט אפשר אויך פאַרביטערט,
ווען איך גאָט
און ניט דער מינדסטער מלאך פון מיין הימל
קומען דיר ניט העלפן, ניט באַדויערן, ניט טרייסטן.

און איך
הער אוים גאָטס שטימע
און מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט מיך מענטש אין זינען.

## CXXXIII

דער קרעכץ פון בוים,
ווען ס׳האָט די שאַרפע האַק
זיך אין זיין לייב אַריינגעשניטן,
דער טיפער זיפץ, ווען ברעכנדיק די צווייגן
געפאַלן איז ער ווי אַ טויטער ריז אין גראָז,
דאָס שווייגן פלוצלינג פון די פייגל,
זיינע פליגלדיקע פריינד,
דער רויש פון ווינט וואָס האָט אַ לײדיקייט דערפילט
און דאָס געוויין פון עמעצן וואָס איך האָב ניט געזען,
נאָר געפילט דאָ נעבן מיר צווישן גרינס,
— אַ גאָט פון וואַלד, צי אפשר אַ נשמה פון אַ סאַרנע —

דאָס ווייטאָגט נאָך מיין האַרץ אַצינד,
טראָץ דעם, וואָס דאָס איז שוין געשען מיט לאַנגע טעג צוריק.
אַ טרוים פון הונדערט יאָר צעריסן,
אַ לעבעדיק געזאַנג איז אָפּגעהאַקט.

## CXXXIV

קליינע מענטשעלעך
מיט פּיצלדיקע זאָרגן,
ברעקלעך פרייד
און שטויביק גליק —
און אַלץ אַזוי פאַרווישט, ניט בולט,
אָן פאַרב, אָן ליכט,
אפילו אָן ניואַנסן,
אַ גראָע, ברודיק־ווייסע,
אָפּבליאַקירטע נישטיקע מאָזאַיק
פון אויסגעגענעצטע פרימאָרגנס,
קוים דערלעבטע אָוונטס,
פאָרמען און קאָלירן — באַזאַר־סעריעס
מיט מאָטיוון נאַרישע, נאַיווע,
און צונויפגעפּיצלטע מעכאַניש —

קליינע מענטשעלעך —
אָט איז עס זייער לעבן,
אָט איז עס זייער זיין.

## CXXXV

אַז באַדעקט מיט גראָע וואָלקנס טרויער
האָט איבער דער בלאָקייט פון מיין יונג געמיט
זיך ווי אַ שווערע זאָרג פאַרצויגן,
איינגעזאַפּט אין גראָקייט אַלץ וואָס בליט און לייכט,
אויסגעלאָשן פון דער לעבנספרייד
אַלע פאַרבן, אַלע קלאַנגען,
און מיט מרה־שחורהדיקע רעגנס
וויינט עס מאַנאָטאָן —
טרעפט:
דער געדאַנק
„איך לעב! — איך האָף!“
שיינט אומגעריכט — אַ זונענשטראַל — אַפיר
און גלייך צעשפּילן זיך אין טויזנט פריזמען
מיט זייער פאַרבנגלאַנץ —
רעגנבויגנס
און איך בענטש אפילו טרערן,
אויב זיי שאַפן פראַכט.

## CXXXVI

געשאָכטענע, ווי ווייסע שאָף,
ליגט איר טויט, מלאכים,
צעבלוטיקט אויף דעם גאָלדענעם מזבח,
נעבן אייער טויטן גאָט.
ווי האָט אַזוינס געקענט געשען?
ווּעמענס כוח, וועמענס מאַכט
האָט אייער הייליקייט פאַרשוועכט,
אַלע שכינות אויסגעלאָשן
און צעבראָכן אַלע לוחות?
שווייַגן האַרפעס מיט צעפליקטע סטרונעס,
שטיל דאָס הימלישע געזאַנג.
צעבלאָזן האָט דער ווינט דעם ווייַרויך.
אויף די חורבותֿ פון בית-מיקדש
זיצט דער כהן און פאַרשטייט ניט:
וועמענס האַנט איז שטאַרקער פון זיין גאָטס?
און ווי אַזוי האָט עס געקענט געשען,
אַז אים דעם מענטש
זאָלן געטער האָבן אָפּגענאַרט?

CXXXVII

אויף מײַנע ליפּן קומען
דאָס געבעט פֿון קינדער נאָך אַן רײד,
תּפֿילות פֿון פֿאַרלאָזטע מאַמעס,
דאָס װאָס נאָר פֿאַרליבטע קענען בעטן,
און דאָס װאָס ס'שעפּטשעט זיך אין האַרץ
בײַ יעדן אײנציקן װאָס לײַדט,
בײַ יעדן אײנציקן װאָס ליבט,
בײַ יעדן אײנציקן װאָס האָפֿט.

די אַלע װערטער, זײ געפֿינען
דעם געהײמען װעג צו מײַנע ליפּן,
זײ װערן אין געזאַנג פֿאַרװאַנדלט;
זײ נעמען אָן די פֿאָרעם
װאָס ברענגט זײ ביז צו גאָט —
גאָט,
װאָס אויב ער זאָל ניט זײַן אַפֿילו,
װערט פֿאַר זײ אַלײן באַשאַפֿן.

אויף מיינע ליפּן קומען זיי,
די שטילע תּפילות,
אין בלאָע נעכט
ווי ווייסע טויבן אויף אַ צווייג אין רו
אין זייער ווייטן און געהיימען וועג.

## CXXXVIII

מיין לעבן איז פיליכט פון עמעצן אַ חלום
און איך אַליין בין נאָר פון עמעצן אַ טרוים.
אין צייטן אַנדערע, אין אַלטע, אָדער וועלכע דאַרפן קומען,
האָט עמעץ אויסגעטראַכט, געוואָלט, באַגערט:
אַזוי נאָר זאָל עס זיין, ניט אַנדערש!
ווער קען באַווייזן, אַז די צייט פאַרגייט נאָר אין איין ריכטונג?
ווער קען מיר זאָגן, אַז דאָס אַלץ וואָס איך רוף פרייד,
איז נאָר מיין פרייד?
אַז דאָס אַלץ וואָס איך רוף ווײ,
איז נאָר מיין ווײ?
אַז די בענקשאַפט וואָס פאַר מיר איז אָן אַ נאָמען,
זאָל ניט זיין די בענקשאַפט פון דעם גייסט
וואָס האָט באַשאַפן מיין נשמה?

מיין לעבן איז פיליכט פון עמעצן אַ חלום —
אַ מענטש? — אַ גאָט? — אַ מלאך? —
און אויף וועלכער וועלט?
ווער ווייסט?
אויפכאַפּן פון שלאָף אַ מאָל וועט זיך דער עמעץ
און נעמען וועט אַ סוף
צו דעם וואָס איז געווען מיין לעבן.

## CXXXIX

דאָס פיינסטע, איידלסטע און דינסטע צירונג
פון צאַרטן גאָלד
ווערט דאָך געהאַמערט און געגליט,
און נאָר אַזוי ווערט עס געשאַפן.
דאָס האַמערן — עס איז ברוטאַלע קראַפט;
ניט זי באַשאַפט דאָס איידלסטע אַליין,
נאָר זי איז נייטיק פאָרמען צו צעשטערן,
און קיין זאַך נעמט ניט אָן קיין נייע פאָרם,
אויב די ערשטע איז ניט מיט דער האַמערמאַכט צעשטערט.

CXL

קענסטו ס'טרויעריקע ליד
פון דער וואַנדערטויב,
וועמען עמעצם האַנט
אָפּגעשניטן האָט אַ פליגל
און וואָס שלעפּט זיך שפּרינגענדיק אויף דאַרע פיסלעך
אויף דער ערד אַרום
אין מיסט פון הייף?
מוז זיך טויזנט מאָל אין טאָג פאַרטיידיקן פון קעץ,
איז דער חוזק פון פאַרשייטע הענדלעך
און געדענקט:
בלאָע טיפקייטן פון הימלען,
פרייען בלאָז פון ווינט
און דעם רוף
פון אומבאַקאַנטע ווייטן —
קענסטו ס'טרויעריקע ליד?

אויב אַזוי,
פֿאַרשטייט, פֿאַר וואָס אין ליכטיקע פֿרימאָרגנס
וואָרקעט עמעץ אַזוי אומעטיק
און פֿאַר וואָס
איז ווי ביי אַ מענטש פֿאַרטרערט
ס'צאַרטע קליינע טויבנאַויג!

## CXLI

גערשפּאָלטן איז דער הימל איבער אונדזער קאָפּ
און צווישן כמאַרעס פינצטערע, באַלויכטן פון אַ בליץ,
האָט אַ מלאך ווידער זיך באַוויזן
מיט אַ שווערד אין האַנט, אַ קללה אינעם מויל.
„אַרויס פון מיין גן־עדן!“ —
דונערט איבער באַרג און טאָל
זיין קול.
„אַרויס! צוריק אַרויס פון מיין גן־עדן,
וואו איר האָט זיך בּיסלעכווייז פאַרגנבעט,
מיט אַלטע שלאַנגען אָנגעהויבן אַלטע שטיק,
און געפּרוּאווט ניט נאָר דעם עפּל,
נאָר דעם גאַנצן בוים אַרויסבאַקומען פונעם גאָרטן!
אַרויס! אַרויס!
דער גן־עדן איז פאַר די,
וואָס זענען איינפאַך און צופרידן
און ווילן ניט פאַרשטיין,
זוכן ניט אַלץ צו באַגרייפן.“

געשפּאָלטן איז דער הימל איבער אונדזער קאָפּ
און עמעץ שליידערט פֿאַלשע געטער הינטער אונדז:
„אַרויס מיט אייער חלום!
אַרויס!“

CXLII

די זון
ווי אַ געטרייער מלאך
האָט אירע גאָלדנע פליגל אויסגעשפּרייט
איבער אונדז,
איבער דער גאַנצער ערד,
מיט אַלץ וואָס איז אויף איר,
דאָס גוטע און דאָס שלעכטע.
אין ליכטיקן פרימאָרגן מיט איר זוניק שטראַלנדיקער שטימע
רופט זי, גלעטנדיק, געטריי און מילד:
„רואיק, קינדערלעך, און זאָרגט ניט!
אונטער מיינע פליגל זענט איר זיכער און געשיצט.
רייסן זיך די עופעלעך אַרום
אונטער די געטרייע פליגל פון דער מאַמע פויגל?
וואָס זשע טויג אייך אייביקע מחלוקת?
כ׳וועל אייך אַלע, וויפל נאָר איר זאָלט ניט זיין,
וואַרעמען און לייכטן,
שפּייזן און דערפרייען.

זעט, ווי ליכטיק איז מיין פּנים!
שיינט עס ניט מיט פרייד און גליק?
זאָל איך אָפּגעשפּיגלט טריי אויף אייערם
ווי אַ העלן אָפּשיין דאָס געפינען,
קינדערלעך,
אָרעמע,
פון זיך אַליין באַדראָטע!"

## CXLIII

מײַן האַרץ איז װי אַן אײדעלער װאַזאָן,
פֿון דינעם גלאָז און פֿײַן געשליפֿן,
װאָס זײַן בלױזער אױסזען איז פֿאַר אים אַ לאַסט.

אין דײַנע שײנע הענט, מײַן קינד,
זאָרגלאָז און ברוטאַל,
בײַ דײַן יעדן ריר
און בײַ דײַן יעדן טריט
טראַכט איך:
גאָט, איך בין פֿאַרלױרן!

מײַן האַרץ איז װי אַן אײדעלער װאַזאָן
פֿון צאַרטן גלאָז אין דײַנע שײנע הענט,
מײַן קינד.
עס װײסט די סכנה װאָס אים דראָט —
איז דאָך צו אַלעם גרײט,
אַבי דעם ריר פֿון דײַנע פֿינגער
אַ רגע כאָטש אױף זיך צו פֿילן.

## CXLIV

אין ווייטע הימלען זינגען וואו מלאכים שירה
און די זיסקייט פון מלאכישן געזאַנג
פליסט אין דער נאַכט — אַ בלאָער נעפּל,
וואָס וויגט די ערד אין דרימל איין.
די גאַנצע וועלט שליסט מיד די אויגן
און האָרכט דאָס ליד פון פרייד מיט דאַנק,
און אַלץ וואָס איז,
וואָס איז געווען
און אַלץ וואָס וועט נאָך זיין
דערפילט דאָס גליק פון לעבן.

מיין גאָט, ווי גוט איז דעם
וואָס האָט די זכיה
צו האָרכן אין דער שטילער בלאָער נאַכט
אָט דאָס באַפליגלטע געזאַנג!

# CXLV

ווי וואַסערן וואָס האַלטן אין זיך אָפּגעשפּיגלט
דאָס בילד פון אַלץ וואָס גייט פאַרביי,
זענען אייערע נשמות;
ציטערן דערין געפילן פרעמדע,
איינדרוקן, געדאַנקען —
ניט אייגענע, ווי עכאָס
פון עפּעס וואָס געשעט נאָך נעבן אייך
און לאָזט אייך גלייכגילטיק און פרעמד.

די זון אפילו איז אין אייך אַ קאַלטע;
עס שיינט מיט קאַלטן גלאַנץ,
עס קען דאָס אויג געניאַרן,
אָבער ניט דאָס האַרץ
פון דעם וואָס זעט ס׳אומניצלעכקייט פון אייער זיין,
אָרעמע ברידער מיינע —
געפאַנגענע ביי אייער נויט.

## CXLVI

ווי אַן אָדלער אין זיין ענגער נעסט —
דו זעסט? —
דער ניגון האָט די ענגשאַפט פון דיין ברוסט דערפילט,
דעם וועג פון דיינע ליפּן אויסגעפונען,
דעם עכאָ פון זיין אייגן קול דערהערט.
וועסט מער ניט שווייגן, פריינד,
וועסט מער ניט שווייגן —
דו וועסט עס אויסזינגען שוין ביזן סוף.
עס מוז און וועט זיך שוין באַפרייען,
מיט דיין גוטן ווילן אָדער ניט,
געפאַנגען אַזוי לאַנג —
דיין געזאַנג,
דיין ליד.

און דעמאָלט נאָר, ווען אויסגעזונגען,
מיט טויזנט עכאָס אָפּגעקלונגען
אין נאָנט און ווייט —
פאַרלאַנגען קענסטו רו;
ביידע זענט איר דעמאָלט נאָר באַפרייט —
דיין געזאַנג און דו!

CXLVII

מיין גאָט!
דו האָסט אין אונדזער מויל
געלייגט דעם „יאָ“ און „ניין“,
ווי מיר וואָלטן פעיק זיין צו ווילן עפּעס,
ווי דאָס מזל וואָלט געפרעגט זיך אונדזער דעה.

דו האָסט געלייגט אין אונדזער מויל
דעם „יאָ“ און „ניין“ —
צו וואָס, מיין גאָט,
צו וואָס?
אונדזער רוקן, אונדזער קאָפּ
קען נייגן זיך און בייגן,
נידעריק, גאָר נידעריק,
אומבאַהאָלפן,
מיט הכנעה —
איז עס ניט גענוג געווען, מיין גאָט,
גענוג געווען דיין שטראָף?

CXLVIII

ווּעמענס איז עס אַט די זיסע שטים
וואָס שעפּטשעט מיר אין אויער
אין גרויסן טומל פון דער גאַס ?

„מיין פריינד, מיין פריינד,
וואָס איז דאָס איילן זיך אַזוי ?
נאָר איין מאָל בליט אַ בלום,
נאָר איין מאָל האָסטו צוואָנציק יאָר,
און ערגעץ, דאָ ניט ווייט, אויף יענער זייט פון שטאָט,
גרינט אַ פעלד מיט טויזנט קווייטן,
רוישט אַ וואַלד מיט טויזנט פייגל,
און אַ מיידל מיט צוויי בלאָע אויגן
און צוויי בלאָנדע צעפּ
וואַרט מיט אַ קוש אויף רויטע ליפּן
און קליינע הענט וואָס גלעטן אַזוי גוט.“

## CXLIX

ווער ביסטו, איינזאַמער געהיימער גייסט,
וואָס שפּילט אין גאָלדענעם פֿאַרנאַכט
מיט צאַרטע פֿינגער
אויפֿן שאָטנדיקן אָרגל פֿונעם וואַלד
די ליד פֿון אונטערגאַנג און נאַכט,
פֿון נאַכט, פֿון בענקשאַפֿט אייביקער און אייביק גליק,
פֿון האָבן מאָרגנס ליכטיקע באַזיגט,
פֿון נאַכט און אונטערגאַנג,
נאַכט און פּחד,
נאַכט און טויט?

צאַפּלען זונענפֿלאַמען גאָלד און רויט
זונען־אומעט, זונען־גסיסה
אין געהיימען גרינס פֿון וואַלד.
אָט נאָך אַ ציטער, נאָך אַ צאַנק
און די נשמה בלייבט אַליין — און באַלד
גייט אויס אין זיפֿצן, קלאַנגען שטילע זיסע.

CL

פריידיקע געזאַנגען בלאַנדזשען אין דער בלאָער לופט,
שפּילן זיך מיט ווינט, מיט זונענשיין
און בעטן זיך ביים מענטש:
„זינג אונדז!
נאָר אויף דיינע ליפּן ווערן מיר אַנטפּלעקט,
קריגן מיר אַ קיום!“
און דער מענטש —
ער פילט זיי אַלע און ער זעט זיי קלאָר.
ליפּן זענען גרייט, פול מיט באַגער —
ער וואָלט געזונגען גערן!
פאַרגעסן האָט ער אָבער, ווי מען זינגט,
זיין מויל איז נאָר געוואוינט
צו שעלטן, רופן הילף,
שרייען פון יסורים —
דער ווייַ האָט אַזוי לאַנג געדויערט!

פריידיקע געזאַנגען אין דער בלאָער לופט,
וואַרט אויף נייע דורות —
די וואָס וועלן ניט געדענקען צי ניט קענען גאָר
דעם גרויל פון אונדזער לעבן!

## CLI

דורכן פענצטער, דורכן אָפּענעם,
איז עס אין מיין שטוב אַריין,
צופּיסנס ביי מיין קראַנקנבעט זיך צוגעזעצט
און מיט גראָע אייגעלעך, גאָלדפינטלדיקע,
און פינגערלעך הן-גריבלדיקע, לייכטע, ראָזע,
דאָס מלאכל —
אַ שפּינראָד אויפגעשטעלט,
און ווי פון גראָער וואָל
טאָג-טעגלעכקייט, מינוטן, שעה'ן, מאָנאָטאָנעדיקן אומעט
אָט סתם אַזוי גענומען,
ווי זיי קומען,
און געשפּונען און געשפּונען,
אַ ניגון, אַ געזאַנג אַריינגעוועבט דערינען —
און אַרויסגעקומען איז אַ פאָדעם גאָלד,
אויסגעשפּונען און באַלד אויסגעוועבט אונטער דער האַנט
אַ ליכטיק שיין געוואַנט,
פּונקט ווי כ'האָב באַגערט,
פּונקט ווי כ'האָב געוואָלט.

זיי געבענטשט, דו מלאכל מיין קליינס!
זיי געבענטשט, דו מלאכל מיין שיינס!
דיר אַ דאַנק!
אין דיין געזאַנג
האָב איך ווי אַ זומערפייגעלע פאַרשטאַנען,
וויפל גליק אין לעבן איז פאַרהאַנען.

CLII

שטרעקט זיך פונעם שטיין אַ האַנט,
רייסט זיך, דאַכט זיך בעט:
„ווער וועט, ווער וו'עט
פון ענגן פעלדזן-צוים באַפרייען?

האָט עמעץ מיט אַ האַמער קוים
אויפגעוועקט מיך פונעם פעלדזן-טרוים —
און בלויז אַ האַנט, ניט מער,
באַוויזן צו באַפרייען!“

איצט איז יענער טויט פילייכט
און עמעצער צי עפּעס פינגער שטרעקט
פון קאַלטן שטיין און רופט און בעט זיך:
„לאָזט די שיינקייט פונעם רויען שטאָף באַפרייען!“

CLIII

ער איז אזוי לאנג געלאָפֿן, לאנג געלאָפֿן,
אלע גאסן זענען אים געווען אָפֿן.
א נאכט־דרוימן האט שוין כמעט געטאָגט,
אים האט עפּעס אָדער עמעצער געיאָגט.

ער איז אזוי לאנג געלאָפֿן ווי אָן זינען,
גאס איין, גאס אויס, און פּלוצלינג זיך געפֿונען
אָן אַן אויסוועג, ביי א וואנט —
אויף זיין אַקסל שווער דערפֿילט א האנט:

„ביסט מיינער, פריינד, ביסט מיינער!
צו הילף וועט דיר ניט קומען קיינער.
באלד טאָגט — ס׳איז ניט פאר דיין נאכט,
פאר דיר האָב איך דעם טויט געבראכט."

CLIV

אַזוי פיל געדאַנקען, אַזוי פיל געפילן,
פול דאָס האַרץ מיט טויזנט ליבשאַפטן און טויזנט שינאות —
פול דער מוח — אַזוי פיל זכרונות!
דעראינערונגען בינדן צו דער ערד מיט אַלטע פעדעם,
פעדעם גאָלד און פעדעם בלוט,
און פאַנגען יעדן ריר אין טויזנט נעצן.

גיב מיר, גאָט, דעם כוח צו פאַרגעסן!
זאָל ווי אַ קלאָרער קוואַל צווישן שטיינער
די צייט איבער מיין לעבן איבערלויפן,
ניט לאָזנדיק קיין סימן!
און יעדע רגע מיט אַ האַרץ, אַ גייסט,
פון אַלעם פריי,
פריי געניסן סיי די פרייד פון לעבן,
סיי די שטומע ליידן פון פאַרגיין!

## CLV

אין מיזרח־זייט
פון בלאָע ווייטן,
ביים שיין פון פינקלדיקן מאָרגשטערן
זיצט די גוטע צייט,
אַן אַלטיטשקע מיט גוטע אויגן,
און שפּינט מיט ראָזע פינגער דעם פרימאָרגן.
זי האַלט נאָך ביי דעם בלאָלעכן באַגינען;
נאָר זעט — זי האָט אין אים אַריינגעשפּונען
צוויטן זילבער,
צוויטן גאָלד,
ווי זי וואָלט געוואָלט,
אַז די זון וואָס ווערט אין גיכן קלאָר דערשיינען,
זאָל אַ קלייד פון זילבער און אַ קרוין פון גאָלד געפינען
די וועלט, די גאַנצע וועלט צו קריינען.

CLVI

טויט, מיין אייביקער באַגלייטער,
איך פיל דיין קעגנוואַרט: אַ קילער שאָטן
וואָס וואַנדערט הינטער מיר אין העלע טעג
און וואַרט גערודלדיק נאַכט ביי נאַכט
ביי מיין געלעגער.

טויט, איך וויים, דעם טאָג פון מיין געבוירן,
ווי יעדע איינציקע נשמה,
ווען איר גורל ווערט באַשטימט אַן ערדיש קלייד צו הילן,
ווען כ'האָב דיין אייביק קעניגרייך פאַרלאָזט,
האָט עפּעס אין דיין האַרץ
(אויב, טויט, דו האָסט אַ האַרץ)
אַ טרייע בענקשאַפט נאָך מיין לעבן זיך דערוועקט —
פאַר דיר בין איך אַ קינד
וואָס האָט זיין היים פאַרלאָזט,
און זיין מוטער וואַרט: באַלד קומט עס צריק.

טויט, איך ווייס, דו וואַרטסט געדולדיק —
אַ מינדסטער פעלער פון מיין זייט,
אַ פאַלשער טריט, אַן איבעריקער ביסן —
און דיינער בין איך מאָמענטאַל!

דאָך, טויט, מיין פינצטערער באַגלייטער,
דיין קעגנוואַרט איז מיר ניט ווי אַ לאַסט —
און טראָץ דיין קאַלטן אָטעם, וויסטער גאַסט,
קלאָגט אפילו אין דער נאכט
מיט פרייד מיין יונג געלעכטער.

CLVII

ווי פלינקע פישעלעך אין טייך
מיידן מיט אַ זילבערפליוסק די ווענטקע —
מיידן אוים געדאַנקען,
פאַרמען — זייער טויט.
אַריינגעפּאַסט אין ווערטער,
באַצייכנט מיט אַ נאָמען, אַ באַגריף,
וועלן זיי, די אָרמע, בלייבן ליגן
אומבאַוועגלעך, טויט;
אָבער דאָ אין פרייען רוים פון מוח
קען מען טויכן זיך און טובלען,
ווייזן זיך, באַהאַלטן אין אַ שפּיל מיט זון און כוואַליעס...
און דער טייך איז טיף און גרוים.

## CLVIII

די זון,
ווי ווערלען׳ס אַ פּאָעמע,
שיינט, אין נעפּל איינגעשפּונען.
מעלאַנכאָליש בלאַס
שלעפּט דער פרילינגסמאָרגן זיך אַרום אין גאַס
פון דער זונטיק־שטאָטס פּאַרוויסטע טראָטואַרן.
גרינע פענצטערלאָדנס צי אויף בלייכע ווענט
ביימערצווייגן, אויסגעשטרעקטע דאַרע הענט,
וואו ניט וואו באַדעקט מיט ווייסע בליטן,
בעטן, דאַכט זיך:

„פרילינג! ס׳איז צו גרויס, צו שיין!
אַלץ צו פילן, אַלץ צו זען —
וועל איך קראַפט גענוג געפינען?“

ערגעץ וואו צעקלינגען זיך געלאָסן גלאָקן,
ס׳שלעפּט דער פרילינגסמאָרגן זיך אַרום אין גאַס,
האַלב באַפרייט און האַלב דערשראָקן.
און די זון
שיינט אין נעפּל איינגעשפּונען
מעלאַנכאָליש בלאַס.

## CLIX

האָט עמעץ מיך אַוועקגעשטעלט
אָט אַזוי,
אין מיטן וועג —
און שעה׳ן ווי די ווייסע טויבן
קומען נאָך אַנאַנד,
רוען נאָר אַ ווײַלע אויף מײַן אַקסל, אויף מײַן האַנט,
ברענגען עפּעס, מאָנען עפּעס,
און — ערשטווינטע — ווערן ערגעץ וואו פאַרשוואונדן.
שטיי איך גולם ליימענער אַזוי אַליין
און ניט איך קען פאַרשטיין
און ניט איך קען באַגרייפן
ניט די סיבה, ניט דעם צוועק
פון אָט מײַן שטיין אין מיטן וועג
און ניט דעם שכל פון די שעה׳ן נאָך אַנאַנד
וואָס קומען ווי די ווייסע טויבן,
רוען נאָר אַ ווײַלע אויף מײַן אַקסל, אויף מײַן האַנט,
און ברענגען עפּעס, זוכן עפּעס אויך געוויס
און פאַרטראָגן ערגעץ וואו מײַן שטומען גרוס
פון עמעצן וואָס איז מיר אומבאַקאַנט,
פאַר עמעצן וואָס איז מיר אומבאַקאַנט.

## CLX

קוקן װענט מיט אויגן־פענצטער,
גלאַנצנדיק ביי טאָג
און ליכטיקע ביי נאַכט,
באַטראַכטן נייגעריק דעם דרויסן,
שמייכלען אָפּט און קאָקעטירן,
מיט פאַרבן און מיט בלומען זיך באַצירן
און זינגען אויך אַ מאָל.
(עס טרייסט פון מויערן דאָס קול.)

ווי אומעטיק און שווער
זענען בלינדע װענט
אָן פענצטער, טיר און טויער!
זיי עטעמען מיט טרויער
און די פייכטקייט פון נאָוועמבער רעגנט,
קאַפּעט שטום פון זיי
ווי פון בלינדע פּנימער
אַ קאַלטע טרער.

CLXI

אַלטע בלעטער, קינדערשע זכרונות,
מיט טיפן אומעט ציטערט איר אין מיינע הענט;
ווידער האָב איך אייך דערקענט,
קינדעריאָרן, טרוימען פון מיין יוגנט.

העפטן, טריי מיט קינדערשריפט באַשריבן,
קאַרטלעך פון פאַרגעסענע חברים,
בריוו, וואו בלומען טרוקענע דערמאָנען:
אַ מאָל געבליט, אַ מאָל געליבט.

ווי אומעטיק צו טראַכטן: עפּעס אַזוי ליכטיקס,
אַזוי נאָנטס און גליקלעכס איז געווען
און ס'איז אַוועק, אַוועק אויף אייביק
און וועט שוין קיין מאָל, קיין מאָל צריק ניט קומען.

## CLXII

אין נעפּלדיקע האַרבסט־פֿאַרנאַכטן,
ווי געהויקערטע מכשפֿות קרומע, אויסגעשטעלט
ביי שמאָלע וואַסערשפּיגלען אינעם וויסטן פֿעלד,
שטייען ווערבעביימער דאַרע,
זייער נאַקעטקייט באַטראַכטן,
און מיט אַרטריטן־פּויסטן שטאַרע
דראָען נעכט און וויסטע וועלטן
און שעלטן עמעצן און שעלטן,
קריגן זיך מיט שוואַרצע קראָען
אין לאַנגע אָוונטיקע מרה־שחורה־שעה'ן.

## CLXIII

האָסטו ווען אין גאָלדנע זומערטעג ס׳געזאַנג פון פרייד געהערט?
האָרך, מיין פריינד! מיט אַלע בלימעלעך אין פעלד,
מיט אַלץ וואָס גרינט און בליט,
מיט אַלץ וואָס זשומט און גרילצט און שפּילט —
דאָס זינגט די ערד!

דאָס זינגט די וועלט וואָס ליבט און לעבט,
דאָס אַלץ וואָס איז, וואָס שאַפט און שטרעבט;
דער כאָר פון גליק — דיין שטים,
מיין פריינד, זאָל מיטזינגען מיט אים!

פאַליעס גאָלד אין ים פון זאַנגען,
פיצלעך זון אין גרינס געפאַנגען,
זילבערגלעט פון ווינט אין מאַנדלביימערס צווייגן
און דער טשוויטש פון פלינקע שוואַלבנס שטייגן,
שטייגן ביז דער ווייטער בלאָער הייך
וואָס שפּיגלט זיך אין זילבערקלאָרן טייך.

זינג מיט, מיין פריינד, פול ליכטיקע התפעלות,
און גליקלעך זיי! דו ביסט אַ טייל פון אַלעם:
ערד און הימל, בוים און דו —
איין זומער אַלעמען! איין פרייד! איין רו!

CLXIV

ער באַטראַכט
די מלאכים־קעפּלעך פון די קינדער,
אַלע מיט אַזעלכע קלאָרע אויגן,
אָפענע צו אַלע וואונדער פון דער וועלט;
בלאָנד און ברוין, צעשויבערט זייד די לאָקן,
ווי גאָלד ליגט איינגעפלאָנטערט זונענשיין אין זיי;
חן־גריבעלעך אין פוכקע בעקעלעך
און פוכקע פינגערלעך פון הענטלעך קליינטשיקע...
און אַלע קוקן זיי דערשטוינט, די גלאַנצנדיקע אויגן —
שוואַרצע, בלאָע, ברוינע, קאַרע,
אַזעלכע חנעוודיקע, גוטע, צאַרטע —
און עס שניידט דאָס האַרץ אַ ווייטיק:

גאָט אין הימל! גאָט אין הימל!
וואָס וועט דאָס לעבן פון זיי מאַכן?
ווי לאַנג וועט דויערן דאָס אַלעס צו פאַרוואַנדלען
אין מענטשן אין פאַרביטערטע,
אין מענטשן אין פאַרקריפּלטע,
אין שלעכטע,
אין אומגליקלעכע?

## CLXV

דער לאָמער און אפילו דער געליימטער
זענען אוממעכטיק געלעגן גרייטע;
דער נס איז גרייט געווען צו געשען,
עמעץ האָט נאָר בלויז באַדאַרפן זאָגן:

„פּאַראַליזירטער, הייב זיך אויף און גיי!“
„בלינדער, עפן נאָר די אויגן, זע!“

און דאָס וואָלט זיכער גלייך געשען —
נאָר די שטימע האָט געפעלט!
דערווייל איז יענע שעה פאַרביי.

לאָמט דער לאָמער ווייטער,
דער געליימטער ליגט פאַרגליווערט
און דעם בלינדן איז דער טאָג שוין פרעמד.

## CLXVI

האָרך, מיין קינד, די תפילה פון אַ זומערפייגעלע
אויף דער בלום אין קאַלטן ווינט:

„מיין גאָט, דיין וועלט איז שיין און גרוים!
עס איז שווין שפּעטער האַרבסט.
איך האָב זיך אויף דיין וועלט פאַרשפּעטיקט,
באַלד גיב איך אָפּ דיר דיין מתּנה,
מיין נשמה פון אַ זומערפייגעלע אין פעלד.
הער מיין געבעט:
איך קום פון ווייט,
כ'האָב לאַנג געוואַנדערט פון באַגינען אָן,
כ'האָב זיך געאיילט;
דען זיי מיר מוחל, גאָט, ס'איז נאַריש פון מיין זייט —
איך בין פאַרליבט אין אָט דער בלום.
אין גאַנצן פעלד איז זי די איינציקע, וואָס איז מיר בלויז געפעלן;
זי האָט געוואַרט אויף מיר.
כ'בין לאַנג געווען אין וועג
און זי מיט אַלע כוחות האָט מיט האַרבסט געקעמפט
איין מאָל כאָטש מיך צו זען.

מיר האָבן זיך געפונען —
איך עטעם איין דעם זיסן ריח
און ביידע ציטערן מיר אינעם קאַלטן ווינט.
מיר זענען ביידע אַזוי צאַרט און שוואַך,
דער אָוונט וועט אונדז זיכער ביידע טויטן.
לאָז מיך שטאַרבן מיט איין רגע פריער —
דעם טויט פון מיין געליבטער לאָז מיך ניט דערלעבן."

## CLXVII

די ערד —
באַזיגט,
איר שוואַרצע ברוסט צעריסן,
אויפגעשניטן, פריש צעאַקערט —
עטעמט, שאַרכט אונטער די קאָפּיטעם פון שווערן אָקסן־פּאָר,
דרייט און וויקלט זיך איבער דעם אַקערמעסערס גלאַנץ,
ליגט דאָך אומבאַהאָלפן
און זי טראַכט:

„דער מענטש,
דער שוואַכער וואָרעם —
מיך באַצווינגען!
ער וואָס ווערט אַ מאָל, אין גיכן אפשר, מיט זיין לייב
מיסטיקן מיין שטויב!“

און דער מאַן געבויגן, אָנגעשפּאַרט אָן זיין געשפּאַן,
שטופּט דאָס אייזן טיפער, טיפער:

„ערד, איך ווייס, מיין קערפּער וועט אין דיר צעפּוילן,
די זוים וואָס איך וועל וואַרפן אין דיין שויס,
וועט אָבער שפּראָצן, בליען, מערן זיך און רופן:
די אייביקייט פון מיין נשמהס ווילן,
וואָס קיינער קען ניט,
ניט באַצווינגען און ניט שטילן!"

CLXVIII

די אויסערלעכקייט פון דער פאָרם
ליגט אויף דעם שטאָף —
דאָ ווי אַ שאָל פאַרצויגן,
דאָ ווי אַ פּאַנצער —
און היט די שיינקייט ווי אַן אוצר.
ניט שטענדיק אונטער האַמערס שלאָג
ווערט עס ערשיינען —
הערמעטיש ווי אַ שלאָס פון כישוף
צעשמעטערט ווערט ער און ניט אָפן;
און אַ מאָל אַ צאַרטער ריר —
און די פּראַכט ערשיינט.

זיי געבענטשט, דו קינסטלערס האַנט,
וואָס טראָגט דעם צאַרטן סוד אין לייכטע פינגער.

# CLXIX

צווישן גרינע צווייגן גילדעט זיך דער זונענשיין;
אין מאָרגננעפּל ווי פון בלאָען זייד
גלאַנצן ווי פון זילבער דעכער;
שוואַלבן טוּכן זיך אין בלאָער הייך
און ווייסע טויבן קרייזן העכער, העכער;
ווי ניט דערשלאָפן, האַלב אין טרוים,
רירט מיט אַ בלעטל קוים
אַ בוים —

אַ הייסער טאָג וועט זיין,
אַ הייסער טאָג וועט זיין.

## CLXX

איך האָב פון לאַנג געוועט זיך, טויט, מיט דיר
און איינגעשטעלט מיין לעבן אינעם קאָן —
איך קוק דיר גלייך אין דיינע אויגנלעכער
וואָס קיינער קען ניט זען,
נאָר וואָס איך פיל:
דו האָסט מיך אויפן אויג!
און גלייב מיר: ביטער איז מיר ניט דער וויין
וואָס פינקלט רויט אין מיין געשליפן גלאָז!
און ווען איך קוש די הייסע ליפּן פון געליבטע,
פיל איך גוט דעם זיסן טעם אין גאַנצן לייב!...
דיין שאָטן? — העלער מאַכט ער מיר דעם זונענשיין!

און ווען עס קומט די צייט —
קען זיין די רגע,
ווען איך ענדיק אָט דאָס וואָרט —
איך וועל אָן מורא דיר זיך איבערגעבן!

## CLXXI

זינד? זיי געבענטשט, דו שענסטע געטין,
וואָס טרייסט דעם מענטש אין זיין פאַרוואָגלט לעבן
מיט זיסע קושן,
פאַרבאָרגענע אין שאָטנס.
אַלע געטער, אַלע גלויבנס האָבן דיך געהייליקט,
אין יעדן פאַרכטיקן בית־מיקדש
איז דיר אַ גאָלדענער מזבח אויפגעשטעלט.

ווער וועט מיר כוחות געבן
די צייט נאָך צו דערלעבן,
ווען זינד וועט זיין דאָס אָפיציעלע גלויבן?
און — ווער ווייסט? —
אפשר וועט דאַן זיין אַ זינד
ניט זינדיקן —
און דאָס וועט זיין די איינציקע, די נייע זינד.

## CLXXII

פאַרגנבֿט זיך ביי נאַכט,
ווען די לבֿנה שיינט צעבלוטיקט רויט,
— די פּיין פון הימלען —
די שוואַרצע קאַץ פון ספק און פון שרעק
אין טויבנשלאַק וואָס איז דיין האַרץ.

האָסט אויסגעוואַרעמט טריי און מילד
צאַרטע ווייסע טייבעלעך —
ליבע, פרייד און גליק
אין זומערטעג, אין ווינטערנעכט,
מיט דער גאַנצער טרייקייט פון דיין יוגנט;
איצט שטיי און זע
און גראָב די נעגל אין דיין לייב
און צייל זיי איינס ביי איינס:

מיט העלדזער צאַרטע, ווי אַ מיידלקוש,
זיי ליגן אַלע טויט,
דערוואָרגענע, דערשטיקטע...
און טראָפּנס בלוט, וואַרעם בלוט
טריפט פּאַמעלעך, טריפט.
וואָס איז, וואָס איז?
זיי פאַלן אויף דיין האַנט —
דו וויינסט?

## CLXXIII

און אַז דער עפּל — אָט דער רעזולטאַט
פון אַלע פרילינגסנעכט, פון נאַכטיגאַל באַזונגען,
פון אַלע זומערמאָרגנס, אויסגעבלישטשעטע אין דימענטטוי,
פון אַלע הייסע זונענקושן אויסגעקושט,
פון אַלע בלאָע אָוונטטרוימען אָפּגעהויכט —
איז געבליבן הענגען גאָלדיק־רויט,
ציטיק אויף זיין דאַרער צווייג
צווישן שטאַרבנדיקע בלעטער —
ציטיק, רייף פאַר יעדנס האַנט,
פאַר יעדן וואָרעמס מויל,
פאַר יעדן בלאָז פון ווינט צו פאַלן גרייט —
נו, איז עס אַ סוף פון עפּעס?
זיכער ניט! אַן עפּיזאָד געענדיקט
און אַ צווייטער הייבט זיך אָן —
אַלץ פון דעם זעלבן קעמערל וואָס האָט אַ מאָל
באַוועגט זיך אין דער פייכטקייט דורך אַ נס,
געוואָרן פלאַנץ דורך טויזנט, דורך מיליאָנען דורות.

די שפּיל גייט ווייטער אָן: גערימן, צו געפֿאַלן,
צעקייט אָדער צעפּוילט —:
ער טראָגט דעם סוד פֿון אייביקייט אין זיך,
ער, דער עפּל, דיין משפּחה,
מיט דעם געמיינזאַמען שיקזאַל
פֿון אַלץ וואָס איז.

## CLXXIV

קלאַפּט דער ווינט אויף פֿינצטערע בית־עולמס,
דאַרע צווייגן רוישן, קרעכצן אין דער נאַכט
און עפּעס גרילצט און עפּעס קנאַקט,
ווי עמעץ וואָלט געבראָכן זיך די הענט
אויף קברים פֿון געשטאָרבענע חלומות.

די וועלט איז פֿול מיט טרויער.
אין דער פֿייכטער, ווייקנדיקער פֿינצטערניש האָט עפּעס ווי ערוואַכט,
דערפֿילט פֿון מער־ניט־זיין דעם צער און דעם באַדויער,
און עפּעס וואָס געמאָנט, זיך מיט אַ פֿינצטער קול געטראַכט,
שטאַרבן ניט געוואָלט און לעבן ניט געקענט.

# CLXXV

מיין „איך“ פון נעכטן
וואָרנט דעם פון היינט:

„ביסט ניט אַליין דער האַר!
איך האָב מיין אָרט אין האַרץ,
איך האָב מיין אָרט אין מוח —
און מיר זענען טויזנטער ווי איך אין בלוט.
מאָרגן וועסטו זיין אַן אָפּגעלעבטער
און קוקן האַלב ערשטוינט און האַלב מיט קינאה,
ווי אַ נייער קומט פאַרנעמען ס'אָרט,
און צוזאַמען וועסטו זוכן דאָ, מיט אונדז,
נקמה,
אָדער אונטערשטעלן אַ פיסל
ניט פאַרגינעריש, ווי עמעצער וואָס טרינקט זיך
און כאַפּט זיך אָן אַן יונגע שווימערס,
וויל זיך ראַטעווען אַליין,
צי מיטשלעפּן נאָך יענעם אינעם טויט.“

## CLXXVI

איינגערעדט האָט מען דעם מלאך,
אַז זיינע פליגל זענען שוין צעבראָכן,
אויסגעניצט און צוגעקלעבט צום לייב;
הימלען, געטער, זון — ניט מער פאַר אים!
דאָ, אויף ערד פון שטויב און קויט,
וועט ער זיין אַ שקלאַף פאַר יעדן טויט!
און יענער האָט געגלויבט. —

נאַיווער מלאך!
ווייל עמעץ איז אַ מלאך, דיך, מקנא!...

אויסגעטשוכעט דיינע בלאָע אויגן!
אַ טרייסל מיט די האָר פון בלאָנדן גאָלד
און אויפגעשטאַנען פון אַ שלעכטן שלאָף!
זע — אויסגעשפרייט די ליכטע זילבערפעכער,
וואו יעדעס פעדערל קען טויזנט סודות ווינט,
פון ענגער צוים פאַרשווינד
און לאָז זיך דרייסטער, ווייטער, העכער!
די פרייע וועלט איז תמיד דיין!

## CLXXVII

די נאַכט האָט אויסגעזויגן פֿונעם אויג
דעם לעצטן טראָפּן שײַן;
נאָך גוססט אינעם מוח ווי אַ בלאָער עכאָ
אַ זכר פֿון אַ ליכטיקן פֿרימאָרגן.
נאָך לײַכט אינעם זכרון,
ווי אָפּגעשפּיגלט מיט זײַן גאַנצער פּראַכט,
אַ זומערטאָג פֿול זון און פֿאַרב.
אַ נעפּל ווי אַ גראָ געוואַנט
פֿאַרציט זיך ביסלעכווײַז אויף אַלץ.

און די נאַכט,
די אייביקע, די פֿינצטערע, די מרה־שחורהדיקע נאַכט,
מיט שוואַרצע פֿינגער
נישטערט אינעם האַרץ,
אין דער נשמה,
זוכט דעם מינדסטן סימן שטראַלנשטויב,
זויגט גיריק פֿונעם אויג דעם לעצטן טראָפּן שײַן,
פֿאַרעקשנט און פֿאַרביטערט.
אָן רחמנות,
ווי ניט מוחל זײַן דעם מענטש
דעם אָפּגעלעבטן העלן טאָג.

CLXXVIII

אין מיין מוח בויט זיין נעסט דער טרויער
ווי אַ גראָע שוואַלב וואָס בויט
איר היים אויף ווינקלען פון אַ מויער
און וואַרעמט דעם געדאַנק פון טויט.

אין טעג פון פולן זונענשיין
זיצט זי אומעטיק אַליין,
שווייגט און טראַכט מיט ווייטיק און פאַרביסן
פון דעם וואָס ס'וויל מיין האַרץ ניט וויסן.

## CLXXIX

דער ריח פון דער בלום וואָס כ׳האָב נאָר וואָס געשמעקט,
דאָס ליכט פון שטראַל וואָס כ׳האָב נאָר וואָס באַוואונדערט,
דער טעם פון וויין וואָס כ׳האָב נאָר וואָס פאַרזוכט —
איז מיט דער רגע פון דערפילן
אויף אייביק גלייך פאַרשוואונדן.
בלומען וועלן אַנדערע נאָך בליען
שטראַלן וועלן נייע ווידער שיינען
און ווייַן ווי פליסיק גאָלד וועט שוימען נאָך אין גלעזער;
דאָך יענער ריח, יענער טעם און יענער שיין,
זיי וועלן מער ניט זיין —
ווי מער ניט זיין די רגע אין דיין לעבן
וואָס האָט דאָס אַלץ געפילט...

CLXXX

ביי דעם באַרג, אויף אינדזלען אינעם בלאָען ים,
קאָלערט זיך אַ רויטע זון אַרונטער
יעדן גאָלדענעם פאַרנאַכט
און לעשט זיך אויס.
דער גאַנצער ים ווערט אָנגעצונדן.

שטייט דאָס קינד און טראַכט:
„וואָס טוט דער ים מיט אַלע זונען?
יעדן אָוונט פאַלט אַ זון אַריין אין וואַסער
און צו מאָרגנס קומט אַ נייע זון,
שיינט אַ גאַנצן טאָג און האָט דערנאָך דעם זעלבן סוף.
נעמען אָט דאָס שפּיל,
לאָזן זיך אַהין, אַהין,
דערגיין דעם סוד —
דאָרט מוז אָן אויסטערלישע שיינע וועלט זיין!
און די לייט — וואָס טוען זיי מיט זונען אויסגעלאָשענע אין ים,
אין דעם ים, אין גאַנצן גאָלד און פלאַם?
דאָרטן גילדן זיך די פישעלעך מסתּם.“

שטייט דאָס קינד און טראַכט,
טראַכט און טרוימט,
חלומט אַזוי לאַנג —
און ווען עס כאַפּט זיך אויף,
שטייט אויף זיין אָרט
אַ מאַן שוין אין די יאָרן.

ביי דעם באַרג אויף אינדזלען אינעם בלאָען ים
קאָלערט זיך אַ רויטע זון אַרונטער
אינעם אייביק נייעם גאָלדענעם פאַרנאַכט
וואָס לעשט זיך אויס.
ער כאַפּט זיך אויף
און דערפילט זיך
אויף אַ פרעמדער וועלט —

מיין גאָט, מיין גאָט,
וואָס איז דאָ געשען?

CLXXXI

ווי אָפּגעהאַקטע ווייסע פליגל
צאַפּלען ווייסע זעגל
געבונדענע צום ברעג,
רייסן זיך אַהין, אַהין
וואו בלאָע ווינטן רופן
און גרינע פּאַליעס שפּריצנדיק מיט זילבער
עפענען מיט פרייד די אָרעמס פון קרישטאָל.

רופן ווינטן ווייטע בלאָע
אין טיפע אָרעמס, גרייט אַרומצונעמען,
און זעגל רייסן זיך, געבונדענע צום ברעג,
געפאַנגענע ביי שטויב,
ביי רו פון הוילע טעג —
און בעטן זיך און חלומען פון נעכט און שטורעמס.

## CLXXXII

הײנט האָט די זון אַ גאָלדענעם בעכער גליק
אין מיטן גרינעם גאָרטן מיר דערלאַנגט.
„לחיים, פרײַנד!“ — און וואונדערבאַר:
כ'האָב זיך אַ בין דערפילט,
אַ בין פון ברוינעם סאַמעט און פון גאָלד;
פון בלום צו בלום געשוועבט, פאַרזוכט,
פאַרשיכורט זיך מיט יעדערם אָטעם,
און צוגלײַך מיט קלײנע ווערעמלעך דערפילט
די רײזנגרײַס פון יעדן גרעזל,
דעם שײנעם בוי פון יעדן בלומען־שטענגל,
קרוביש זיך מיט זומערפײגעלעך געחברט —
און דעם מענטש, ס'צווײפיסיקע פאַרזעעניש,
וואָס לויפט אַרום פאַרשמאַיעט אומעטום,
פול מיט טרויער, כעס און אומעט
אין די שענסטע טעג פון גאָלדענעם זומער,
ניט מער געזוכט, ניט מער געקענט,
נאָר אויסגעמיטן ווי אַ קרענק
זײַן בליק און זײַנע הענט.

## CLXXXIII

פֿאַרהאַן פּאָעטן וועלכע שלייפֿן, פּיילן
ווערטער, ציילן,
פֿערזן אויסגעחלומטע אין בלאָע נעכט,
קיין געפֿיל מיט פֿאַלשע קלאַנגען ניט געשוועכט,
קיין געדאַנק אין קרומע פֿאָרמען ניט געצווימט,
און נאָר געמייסטערט גלייכצייטיק ווי נאָר געטרוימט —
אַרכיטעקטן וואָס סימעטרישע געביידעס בויען,
פּאָעמען זייער דיכטונג צו פֿאַרטרויען.

און אַנדערע פֿאַרהאַן, ווי אין וואולקאַנען-בראָך
שליידערן פֿון אינגעווייידן מיט צעברויזטן ווילן
בילדער, פֿערזן, לידער און געפֿילן,
וואַרפֿן סטיכיש מיט צערייצטער קראַפֿט,
לאָזן פֿאַלן פֿעלדז אויף פֿעלדז, שטיין אויף שטיין,
בערג מיט שפּיצן שאַרפֿע, אָפּגרונטן און תהומען
וואָס שרייען זייער רוף צו זון און רוימען.

און דעם וואָס זייער ווערק באַטראַכט,
באַגייסטערט און שרעקט גלייכצייטיק די פּראַכט
וואָס ער צי עמעץ דורך אים שאַפֿט.

## CLXXXIV

פערציק יאָר, ווי כ׳בין אין וועג
אָפּגעגאַנגען אַזאַ מין מהלך —
און דער זעלבער נעפּל פאַר מיין בליק!
נאָך קורץ? — נאָך לאַנג?
ווער ווייסט, וואָס מיר באַשערט איז ווייטער אין מיין וועג?

איך קוק צוריק — דער בוים וואו כ׳האָב
ניט ווייט גערוט, איז אַזוי ווייט שוין,
איז אַזוי ווייט!
די היים — אַ שפּיץ פון קוימען איבער דעכער,
אַ ביסל רויך, אַ וואָלקן —
און אַ לאַנגער וועג!

נו ווייטער, גוטער ברודער,
ווייטער זוך אַ רו,
איידער ס׳קומט דער אָוונט —
דיין מזל ליגט אין גאַנג.
אַלץ גייט אין זעלבן וועג פאָרויס
און גייענדיק ווערסט אפשר ס׳גליק דעריאָגן —
וואָס איז פאַרביי, ווען דו האָסט ערגעץ וואו געדרימלט...

# אינהאַלט

פאַרענדיקט דעם דרוק דער צענטן
יולי אין טויזנט ניין הונדערט צוויי
און פופציק אין דער דרוקעריי פון
יוסף שעכטער אין פאַריז